# יום כפור

## פון יעקב דינענזאן

מיום כפורים זה, עד יום
כפורים הבא עלינו לטובת.

---

**איז** גרויסען בית־המדרש איז שוי'ן דער רב אויסגעגאנגען שמונה־עשרה פון שחרית, דער חזן מיט זיינע משוררים זיינען שוין צוגעגרייט געווען אויסצוזינגען דעם סקארבאווען נגון פון דיא ערשטע ברכות צו חזרת הש"ץ. נור פון דער וויבערשער שוהל הערט זיך נאך דאס גרוסע געוויין און חליפען פון דיא בעטריעבטע הערצער, וואס גיסען אויס אין היינטיגען טאג, דיא איבעריגע מאס טרעהרען, וואס ביי זיי איז געבליעבען נאך זייער אפט ווינען א גאנץ יאהר....

— יום כפור איז היינט.

אויב עס טרעפט אמאל ערגעץ, אז איין אשה טראגט אריבער א וויטאג, א זארג, אדער צער אין הערצען א גאנץ יאהר אהן טרעהרען, אהן וויינען, איז דאס ניט ווייל זיא פיהלט ניט אדער זיא ווייס ניט וויא שטארק דער וויטאג, זארג און צער זיינען, ניין, דאס וויבער־הערץ איז וויך און עמפפינדליך גענוג, יעדע זאך וואס מאכט דעם מאנס־פערשוין יסורים מאכט דאס איהר נאך מעהר פיין, נור עס טרעפט דאן, אז טאקי דיא אייגענע יסורים, זארג און צער פאלען וויא שטיינער שווערע אויף איהר הערצען און פערשטעלען און פערפרעסען יענע געבענשטע קוועללע אין איהר פון וואנען דיא ערקוויקענדע טרעהרען פליסען, זיא וויל וויינען, דאס הערץ רייסט זיך אויסצוגיבען דאס געזאלצענע וואסער, וואס איז אין איהם אנגעקליבען נור שטיינער שווערע ליגען אין וועג, אין דעם וועג וואס פיהרט דיא טרעהרן פון הערצען ביז דורך איהרע אויגען ארויס.

דאס ווארט „יום כפור" אבער האט שוין גענוג כח דיעזע אלע שווערע שטיינער פון וועג אבצוקויקלען, דיא טויערן פון דער אשה'ס הערצען עפענען זיך אזוי פריי, וויא דיא טויערן פון הימעל, וואס שטעהן שטענדיג אפען אלע פרומע טרעהרען אויפצונעהמען.

זיא הייבט אַז צו וויינען פון דיא ערשטע סליחות, זיא וויינט ראש־השנה צו „לאל עורך דין“, צו ונתנה תוקף, נור דאָס אַלץ איז ערשט אַז הקדמה צו דעם גרויסען און גאַנצען געוויין פון יום כפור. ראש־השנה קען דאָס גאַנצע ווייבערשע הערץ אין שוהל מיט איהר ניט זיין, עס איז יום־טוב, דער מאַן און קינדער וועלען קומען הונגעריגע נאָך אַזאַ גרויסען דאַוונען, עס טראַכט זיך ניט ווילענדיג וועגען קיך, וועגען טאָפּ, וועגען אייז ערשט און לעצט געריכט. און וויא אַפּט טרעפט, אַז איבער דעם זינדיגען צימעס פערשפּעטיגט זעלבסט אַ פרומע אשה די הייליגע קדושה, ניט אַזוי איז יום־כפור. ניטאַ עסען, ניטאַ טרינקען, דיא מאַנען און קנדער זיינען אויך דאָ מיט איהר אין מקום קדוש, אויסגעטאָהן פון דער וועלט און פון זינדיגע תאות, היינט קען זי וויינען אָהנע אויפהער, זיא קען דאַווענען, זאָגען און לייענען דעם גאַנצען מחזור, אַלע תחינות און פיוטים פון טאַוועל ביז טאָוועל און פאַר וואָס זאָל זיא ניט וויינען, אַז עס וויינט זיך ממילא?

אַזוי וויינט דיא אידישע פרוי פון דעם ערשטען על־חטא צו ערב יום־כפור׳דיגע מנחה, זיא וויינט צום בענשען נאָך דער סעודה המפסקת, זיא וויינט, אַז זיא בענשט איהרע קינדער אין דעם הייליגען טאָג: מיט געזונד און לאַנגע יאָהר, זיא וויינט בעת זיא לייגט צוזאַמען איהרע תחנות אין איהר קרבן מנחה און פערבייגט דאָס בלאַט וואָס זיא גרייט זיך ערשט אַז, דאָרט אין שוהל, וואו עס גיסען זיך אַלעמענס טרעהרען ווייטער אויף דאָס בלעטעל צו וויינען, זיא וויינט ביי דער טהיר, אַז זיא קושט דיא מזוזה און געזעגענט זיך מיט איהר שטוב, מיט איהר גאַנץ יאָהריגען היים, איידער זיא פערלאָזט עס און געהט צו יענעם הייליגען היים וואו זיא וועט וויינען און בעטען מיט אַלע אידען צוזאַמען: אַ גוטען גזר־דין אויף דאָס קינפטיגע גאַנצע יאָהר און באַלד וויא זיא קומט אין שוהל אַריין עפענט זיך אַ קוואַל טרעהרן פון דאָס־ניי און זיא הערט ניט אויף צו וויינען ביז נאָך דעם לעצטען „אבינו־מלכנו“ נאָך נעילה.

צו וויינען האָט דיא אידישע פרוי פיעל, און ווער קען איהר דאָס איינציגע פערגניגען פערבאַטען בעת עס גיסען זיך איהרע טרעהרן און עס חליפּעט דאָס געפּייניגטע הערץ אין איהר אין דער שטילער יום־כפור׳דיגער שמונה־עשרה?

נור פּלוצלונג האָט דער שמש אַ פּאַטש אַראָ־נגעלאָזען אויף דעם סדור, וואָס ליעגט אויף דעם שולחן פון דער ביהמע, אין מענערשער שוהל איז דאָס גערויש מיט איינמאָל וויא אָבגעהאַקט געוואָרען. נור פון ווייבערשען שוהל האָט זיך נאָך געהערט דאָס העפטיג געוויין און חליפּעריי — דער חזן, וואָס האָט געווים געהאָפּט אויסצונעהמען מיט זיין שעהנעם נגון פון אבות האָט זיך, אין איינגעוויקעלטען

טלית, א קעהר געטאהן צום עולם און האט מיט דער האנד א וויין געגעבען אויף דער צו מערב־וואנד געשטאנען, האט דעם וואונק מערב־וואנד געשטאנען, האט דעם וואונק אנגעכאפט און האט מיט זיין קולאק דריי קללעפ דערלאנגט אין וואנדט, און אויסגעשריען מיט זיין מחזור אין האנד:

— שטיל ווייבער! וואס האט איהר אייך פאנאנדער געיושעט? גענוג אייך פיעשטשען זיך!

עס האט אנגעהויבען שטילער ווערען נור גאנץ שטיל וויא אין מענערשער שוהל איז מיט אמאל ניט געווארען, פון אלע ווינקעלאך האט זיא נאך געהערט איין איינגעהאלטען געוויין און א געפרעסטע קרעמפפהאפטע חליפעריי. דארט איז מזרח־וואנדט שטעהט א חשובה אשה און איהרע טרעהרען גיסען זיך, זיא האט פאר־יאהרען אין דער צייט נאך איהר יונגע טאכטער, א ווייבעלע א בריליאנט נעבען זיך געהאט, מיט איהר אין איין מחזור געדאווענט, זיא איז ערשט דעם ערשטען יום־כפור מיט איהר אין שוהל געוועזען. זיא וואר נאך אין דיא תפלות ניט אזוי געניהט און דיא מאמע האט איהר צוגעוויזען, געלערענט, ערקלערט און דיא טאכטער האט איהרע יונגע טרערען מיט דער מוטער'ס אלטע טרעהרן צומישט. היינט איז שוין דאס ווייבעלע דארט, אויף דעם פעלד, אונטער א בערגעל ערד, איהר ארט אין שוהל האט אז אלטע אידענע פערנומען, אבער איהר ארט אין מוטער'ס הערצען איז נאך לעהר און ליידיג, דיא אלטע מאמע לעבט נאך און קען נאך לעבען, בעת איהר פערל, איהר בליהענד קינד ליגט שוין אין ענגען פינסטערן קבר!" דער געדאנק געהט איהר איין מינוט פון זינען ניט ארויס און דאס טרייע מוטער־הערץ צושמעלצט אין טרעהרען.

ווייטער אביסעל שטעהט נאך א מיטעלע פרוי און חליפעט, קען זיך ניט שטילען. פאר־יאהרען האט זיא דורך דאס פערהאנגענע פענסטערל איהרע קינדער נעבען זייער טאטען געזעהן, זיי האבען געדאוונט. איצט, וואו איז דער טאטע? וואו דאווענען איצט איהרע קינדער? דער טאטע איז אין דער ערד, דיא קינדער האבען שוין זייער משגיח ניט, וואס זאל זיי לערנען גאט דיענען און ווייזען וויא א איד צו זיין און שטיפען איצט מיט אלע צולאזענע אינגלאך און פערלאזענע יתומים אויף'ן שוהל־הויף, און זעלבסט יום־כפור, ווייסט גאט אין הימעל אויב זיי זאגען א אידיש ווארט פון סדור ארויס? דערפאר וויינט זיא, דערפאר הערט זיא ניט דאס סיקען פון דיא ארימע ווייבער, וואס ווילען א ווארט כאפען פון דעם חזן אדער פון דער זאגערקע דא ביי זיי.

נאך איינע און נאך אנדערע וויינען שטיל איצט און טרעהרען גרויסע פאלען אראפ איבער דיא אויסגעווייקטע בלעטער פון זייערע תחינות. נור איין אי־

רענע, כמעט דיא עלטסטע און פארנעהמ־
סטע דא, זיצט איצט ווי א דער׳הרג׳עטע,
שטום וויא דיא וואנד, פערטראכט און
פער׳חלום׳ט, און איהרע ליפען זיינען
פערשלאסען, נאר דיא אויגען איהרע זיי־
נען וויא צוגעשמידט צו דעם אפענעם
סדור וואס ליעגט פאר איהר אויף דעם
שטענדער. דיא ווערטער פון דעם בלאט
שווימען, פליהען, זיא זעהט זיי און קען
זיי ניט איינהאלטען.

פאר וואס ווייגט זיא ניט?

האט זיא ניט פאר וואס און וועגען
וואס צו וויינען פון דעם וואס איהר האט
דאס פאריגע יאהר געטראפען, קען זיא
נאך אויך גענוג טרעהרען פערגיסען אויף
דעם וואס קען נאך איצט זיין, איצט, אין
דער מינוט פון דין און רחמים, בעת דעם
מענשענס גורל ליגט אויף א וואג־שאל
און זיין גזר־דין צו גוטען אדער צו בייזען,
חלילה, איז שוין גרייט אונטערגעשריע־
בען צו ווערען אויף דאס גאנצע קומענדיג
יאהר!...

איז זיא ניט פרום גענוג און גלויבט
אפשר ניט אין דיא וויכטיגקייט פון היינ־
טיגען טאג? אדער ניט קלוג דיעזע וויכ־
טיגקייט אין גאנצען צו בעגרייפען?

ניין! גיטעלע דיא פרומע איז איהר
נאמען, דיא גאלע אבגעבליאקעוועטע
בלעטער פון איהר קרבן מנחה זיינען נאך
ניט גענוג אויסגעטרוקענט פון דיא הייסע
טרעהרען איהרע וואס זיא האט זיי ערשט
נעכטען אנגעטריינקט.

פאר־וואס־זשע וויינט זיא ניט?

וואס איז היינט דער מעהר מיט גי־
טעלען? פרעגען דיא ווייבערשע אויגען
וואס קוקען מינוטענוויים אויף איהר פער־
טראכטקייט. אויף איהר שטומקייט און
טרוקענקייט, און גיטעלע זיצט וויא זיא
איז געזעסען, דער חזן זאגט שוין „מסוד
חכמים ונבונים", און זיא אליין, שיינט
עס, ווייס דעם סוד ניט וואס איהר דא־
ווענט זיך ניט היינטיגען יום־כפור וויא
אלע יום־כפור׳ס פון איהר גאנצען לע־
בען?

איהר סדור איז פון אין דער פריה
אן אויפגעמישט דיא פרשה פון דער
עקדה כאטש מען האלט שוין חזרת הש"ץ.
זיא האט „ויהי אחר הדברים האלה"
אין גאנצען נאך אבגעזאגט, זיא האט אויך
אנגעהויבען צו זאגען דעם „רבונו של
עולם" וואס איז באלד נאך דער פרשה
אבער קוים האט זיא צוזאגען אנגעהויבען
דיא ווערטער: כמו שכבש אברהם
אבינו: וויא עס האט געטאהן איינהאלטען
אונזער פאטער אברהם, את רחמיו: זיין
דערבארעמקייט, מבן יחידו פון זיין איינ־
ציג קינד, ורצה לשחוט אותו און ער האט
איהם געוואלט קוילען, כדי לעשות רצונך,
צו טאהן דיין ווילען, גאט, האט זיך דיא
צונג ביי איהר אין מויל אבגעשטעלט,
זיא האט איהר קינד דערמאנט כאטש ניט
איינציג אבער טהייער קינד וועלכעס
איז איצט אין דער היים נעבען דאס ניי
געבארענע אייניקעל איהר׳ס ג עבליעבען

און איז נאָך שוואך פון קינפּעט און האָט קיין כח ניט אין מקום קדוש אין דער הייליגען, פירכטערליכען טאָג צו קומען. זיא וואָלט אויך ניט געקומען זעלבסט ווען זיא וואָלט געקענט. צו שווער האָט זיא דאָס קינד געהאט. צו ליעב און צו טהייער איז דאָס קינד איהר איצט, זיא זאָל עס לאָזען אויף דיא הענד פון א פרעמד מיידעל, א שטיפערקע.

דיא אלטע קעכין איהרע דאַרף אליין היינט דעם גאַנצען טאָג אין שוהל זיין.

„א גרויסער נסיון איז דאָס געוועזען, האָט גיטעלע אָנגעהויבען צו איבערקלערען דיא ווערטער וואָס איהרע ליפּען האָבער ערסט אַרויסגערעדט. שווער האָט אברהם אבינו געמוזט זיין גובר צו זיין זיינע ערבארמונג אויף זיין ליעב קינד, ביז אויסשטרעקען דאָס מעסר יצחק'ן צוקוילען, שווער איז מיר געוועזען אפילו נאָר אַנצוזאָגען מיין שוואכער טאָכטער, זיא זאָל למען השם פאסטען היינט. א קלייניגקייט יום כפּור ניט פאסטען! כאָטש זיא קען ניט! אָהן א עין הרע. א געזונד קינד, עס דאַרף האָבען צו זייגען און ציהט איהר איהרע כחות אַרוים אפילו אין דעם טאָג ווען זיא האָט איהר וואָהלטאָג וועה צו מיינע יאָהרען. וואָס וועט זיא נעבאָך טהון אַזאַ טאָג א יאָהר? זיא וועט חלילה קראַנק ווערן; גאָט, דיא ביסט א נותן ליעף כח. דוא גיסט דיא קעלט נאָך דיא קליידער נאָך, דוא גיסט אויך הונגער נאָך אונזערע שוואכע כחות. שיק מיין קינד גייע כחות היינטיגען תענית איבערצוקומען בשלום, נעהם צו איהר בלוט, וואָס זיא פאַרגיסט היינט צוליעב דעם הייליגען טאָג, אין פאַסטען, פאַר א קרבן פאַר איהרע זינד, און שרייב איהר אָן א גוטע כתיבה מיט א גוטער חתימה, אויף געזונד און לעבען. אָהן יסורים און אָהן צער, רבונו שלעולם!

היים פון גאַנצען האַרצען האָט זיא דיא תפלה אינערליך גבעטען און געוואָלט אָנהייבען זאָגען ווייטער, נור אין דער מינוט האָבען איהרע אויגען דערזעהן דיא אונגליקליכע מוטער, וואָס איז פאַר־אַ־יאָהרען מיט איהר יונג טעכטעריל דאָ ניט ווייט פון איהר געשטאַנען, און איצט שטעהט דיא מאַמע אליין, וויא א בוים וואָס מען האָט איהם זיין שעהנסטען צווייג אָבגעהאַקט, גיטעלע האָט זיך דערמאָנט: וויא דאָס יונג ווייבעלע האָט פאַר־יאָהרען אַזוי פרום געדאַווענט, נור מנחה צייט האָט עס צו חלש'ן אָנגעהויבען, מען האָט עס אָבגעמינטערט, אויף דעם טרעפּ אַוועקגעזעצט, און דאָ איז דאָס יונגע ווייבעל א בלאַסע, א פערחלש'טע געזעסען, קיין כח געהאַט אפילו אויפצושטעהן צו קדושה, נור זיא האָט פאָרט דעם טאָג וויא א כשר'ע אידישע טאָכטער אויסגעפאַסט, מען האָט נעילה אָבגעדאַווענט. אויך מעריב, און דיא מוטער איהרע האָט זיא אונטער דיא הענט אַהיים געפיהרט, זיא האָט טאַקי צוגעקריינקט נאָך דעם תענית, אָבער סכות

האב איך זיא ווידער געזעהן אין שוהל. עס האט נאך געשיינט דאס פארב אין איהר שעהנעם פנים, אבער דיא שעהנע בלומען פון א מאל זיינען שוין דאן ניש געווען די זעלבע וואס אמאל... און ווער וויים, פון וואס האט זיך אנגעהובען איהר שרעקליכע קראנקהייט? נייז־ זינדיג זיינען מיינע מחשבות! גאטט ווילל, ער האט אליין אין זיין הייליגע תורה געבאטען: מען זאל פייניגען אונזערע זינדיגע לייבער אין דעם הייליגען טאג וויא אזוי וועט דער תענית שאדען, דיא וואס טהוען זיין בעפעהל און פאסטען היינט, כאטש זיי קענען עס ניט.

„ניין, ניין!" האט זיא צו זיך וויימער געזאגט, ניט דער תענית האט דער ייִנענד געשאדט. ניט דער יום־כפור איז איהר מלאך־המות געוועזען. וויא ער, דער דאקטאר האט שפעטער געזאגט, א ליגען, נאררעשקייט. וואס ווייס ער? דער מלאך־המות האט שטענדיג איין אויסרייד, איהר גזר־דין איז שוין אזוי געוועזען, זיא האט נעביך מעהר קיין יאהרען געהאט, האט זיא יונגערהייט געמוזט איין קבר אריין!....

זיא האט וויימער אנגעהויבען דאווענען. זיא האט זיך געוואלט פערטיפען און זיך צוהערען צו דיא ווערטער וואס איהר מויל רעדט ארוים, אבער זיא האט ניט געקענט, ביי דער טהיר איז איין ארעמע יודענע געשטאנען און האט שרעקליך געוויינט, גיטעלען האט געדאכט זיא הערט אין דעם געוויין דאס שרייען פון איהר ערשט געבארען איינִיקעל, וואס זייגט און ציהט איצט דער הונגעריגער מוטערם ברוסט און שרייעט מיט א פערצווייפלונג פון הונגער אז עס געפינט ניט...

שרעקליך האט דיזע יאמער־שטימע איהר הארץ געלעכערט און איהרע געדאנקען צומישט, דער עולם, אין מענערשער־שוהל האט שוין געהאלטען ברכו, זיא האט זיך אויך אויפגעהויבען, ניט פיהלענדיג האט זיא זיך צו דער וואנדט צוגעקעהרט און ניט וויסענדיג וויא אזוי האט זיא נאך שמונה־עשרה זיך צוריק אוועק־געזעצט, וואס מעהר דאס געוויין און געשריי האט זיך פון דעם גאנצען עולם מענער און ווייבער געהערט דאס מעהר דייטליך האט זי אלץ געמיינט זיא הערט דאס עלענד געשריי פון דעם אונשולדיג קינד.

„און אזוי וועט דאס שרייען א גאנצען טאג ביז נאך מעריב!" האט זיא צו זיך געזאגט. וואס איז דאס ארעם קינד שולדיג? דאס עלענד פון דעם עופ'עלע לעבערט מיר מיין הארץ. אבער נאך שרעקליכער מוז דאס עלענד איצט זיין פון זיין האלב קראנקער מוטער, וועלכע עס וואלט איהם איהר בלוט איצט ניט זשאלעווען נור עס זאל זיין זאט, נור עס זאל שווייגען....

א גרויסער נסיון פאר א זייגענדער מוטער איז דער יום כפור. נאט איז הימעל שטראפט מיך ניט פאר מיין זינדיגע

מחשבה. מיין טאכטער וואלט אזוי אויך געפאסט אפילו ווען איך וואלט איהר ניט אזוי שטריינג אנגעזאגט. דוא ווייסט עס, גערעכטער פאטער, האב רחמנות, גיב איהר כחות דיין הייליג געבעט צו טאהן !...״

זיא האט ווידער דיא אויגען אריינגע־טאהן אין קרבן - מנחה, דאס בלעטעל פון דער עקדה איז נאך אלץ ניט געוועזען איבערגעקעהרט. זיא האט ניט וועלענדיג זיך ווידער צוגעקוקט צו דיא ווערטער. „יא, האט זיא זיך געטראכט, ניט נור אברהם אבינו איז מיט צעהן נסיונות געפרובט געווארען. אבער אויך מיר זינ־דיגע, וואס מיר זיינען ניט ווערטה זיין געבענשטען נאמען צו דערמאנען, ווערען מיט נסיונות אלע טאג געפרובט. איך בין אויך אמאל אזא זינדיגע מוטער געוועזען און איך ווייס דעם טעם וויא שווער און ביטער דער מאמען קומט אזא תענית אן. איך האב מעהר געהאט צו זייגען מיין קינד, אלס מיין טאכטער. יענע יאהרען זיינען אנדערע געוועזען, וואו האבען היינ־טיגע קינדער דיא כחות פון פארצייטיגע דורות   פון דעסטוועגען האב איך שיער מיט דער נשמה געפאכעט און קוים דער־הארט ביז דער טאג איז אריבער. היינט וויא מוז שוין זיין מיין חנה'לען, אז זיא איז אזוי אויך קוים וואס זיא האלט זיך! א נסיון, א שווערער נסיון ! פאר־וואס האט גאט ברוך הוא ניט געוואלט אונזער מוטער שרה'ן פרובען ? פאר־וואס דער־צעהלען הייליגע ספרים, אז שרה איז פון דער בשורה אליין געשטארבען, אז דער שטן האט איהר דיא בשורה אנגעזאגט אז אברהם האט איהר בן־יחיד יצחק'ן גע־קוילעט ?

ער וואס זיין רחמים איז גרעסער וויא זיין דין, ווייס אז דיא זינדיגע אשה קען אזא נסיון ניט באשטעהן, יא, ער ווייס דאס שוואכע הערץ פון דער אשה, ער ווייס וויא ליעב און איינגעבאקען איין איינציג קינד איז ביי יעדער מוטער אין הארצען, ער שטעלט דעם נסיון נאך דיא כחות נאך, עס איז ניט דער כח פון א מא־מען קעגען איהר קינד א לייד טאהן, איך בין א מאמע, מיין קינד איז מיר ליעבער וויא מיין לעבען, מיר איז דער יום־כפור לעב און טהייער, מיר איז דער תענית א פערגעניגען אבער מיין שוואך קינד חלש'ט איצט נעביך מיט דעם עופ'עלע ביי דער ברוסט איך קען דעם צער ניט אריבער טראגען פון איהר, אזא טאג א יאהר !...

צו קדושה האט זיא זיך דערמאנט אז זיא האט נאך דערווייל כמעט ניט געדא־ווענט, זיא האט זיך ערשראקען און כמעט וויא פאר־זיך אליין פארשעמט. וואס גראד אין אזא הייליגען טאג לאזען זיא איהרע געדאנקען ניט דאווענען וויא עס דארף צו זיין, זיא האט זיך גענומען פעסט צום סדור און געדאווענט מיט שטורעם מיט כונה, מיט אלע כחות דיא געדאנקען פער־טריעבען, ביז דער עולם האט אנגעהויבען זאגען דיא סליחות, זיא האט „שמע

**קולנו“ מיט** איהר גאנצען כח געשריען, נור אין איהר אייגען געשריי האט זיא וויעדער דערהערט דאס שרייען פון איהר נייען אייניקעל וואס ציהט דער מוטערס ליידיגע ברוסט, אויך איהר חנה'לע האט זיך איהר פאר דיא אויגען געשטעלט א בלאסע, א שוואכע, אט אט זיא פאלט אין חלשות, אין שטוב איז קיינער ניטא, דאס קינד פאלט איהר אראפ פון ברוסט און קויקעלט זיך א צובלוטיגטע אויף דער ערד, זיא האט שיער ניט א געשריי גע־טאהן: געוואלד ראטעוועט! מיין קינד איז פארביי, נאר דא האט דער חזן אנגעהויבען מיט זיין סקארבאווען נגון: „אשמנו!“....

און גיטעלע האט זיך דערמאנט וואו זיא איז, זיא הערט נישט, זיא זעהט נישט, נאר א יצר הרע האט זיך היינט צוגע־טשעפעט צו מיר, מיר צו פערשטערען מיין יום־כפור און ניט צו לאזען מיין זינדיג הארץ צו תשובה און תפלה, צו גוטען זאל עס זיין, רבונו של עולם, איך ווייס אליין ניט וואס טהוט זיך דא היינט מיט מיר!“ דיזע ווערטער האט זיא כמעט אויפ'ן קול אויסגערעדט, און גענומען מיט איהר גאנ־צען כח זיך שלאגען און פויקען אין האר־צען: „אשמנו, בגדנו!“ און אזוי ביז דעם לעצטען על חטא. צו דעם רבונו של עולם פון אויסנעהמענעס, אז זיא האט פאר זיך, פאר איהר געזונד געבעטען מחילה בחסד, מחילה ברחמים. ופרנסה וכלכלה ולחם לאכול, האט איהר הארץ ווייטער אנגע־הויבען קלעמען, זיא האט וויעדער איהר הונגעריגע טאכטער דערמאנט, „וויא וואלט זיא איצט ערקוויקען כאטש איין שטיקעל טרוקען ברויט!“ האט דאס הערץ אין איהר געשריען, ניט קיין וויין, ניט קיין עוף, נור טרוקען ברויט א שטיקעל. דיא חלשות צו פארטרייבען, דיא נשמה כאטש ביז נאכט צו ערהאלטען!....

איהר הארץ האט זיך געעפענט און זיא האט שטארק שטארק צו וויינען אנ־געהויבען.

פלוצלונג האט זיא איהרע טרעהרען אבגעווישט און האט פערבויגען דאס פארהאנגעל און אראפגעקוקט אין מענער־שער שוהל. זיא האט מיט דיא אויגען דא וועמען געזוכט, גיך און מיט מוטה האט זיא פלוצלונג איהר סדור צוגעמאכט און איז ארויס פון שוהל. ביי דער טהיר פון דער מענערשער שוהל האט זיא דעם רב באגעגענט.

— רבי. האט זיא אויסגערעדט, זעהר שווער מיט א פערשטיקטער שטימע. איהר וועט מיר מוחל זיין, איך האב א שאלה צו פרעגען.

— וואס איז? פרעגט, וואס האט איהר צו פרעגען? האט דער רב מיט איילענעס געענטפערט, וויא איהם וואלט לייד גע־טהאן וואס מען האט איהם אבגעהאלטען פון דעם נעטהיגען גאנג וואוהין ער האט איצט בעדארפט געהן.

— מיין טאכטער איז א יולדת, האט גיטעלע געזאגט, איהר קענט זיא דאכט זיך. א שוואך קינד פון איהר געבארען טאג אז. דאס הארץ זאגט מיר, דער תענית וועט איהר קיין גוטעס ניט טהון,

אל תפתח פה לשטן, איך וויל אייך פרעגען צו מעג זיא אנבייסען. חאטש עפעס נעהמען אין מויל אריין, דיא נשמה כאטש אין זיך דערהאלטען?

— אייער חנה׳לען מיינט איהר, ביי דער וואס איך בין דאכט זיך צום גדליה צום ברית געוועזען? האט דער רב געפרעגט, גאט איז מיט אייך, גיטעלע, איהר זענט היינט ערשט א יודישע מוטער געווארען? וויא אזוי פרעגט איהר אזא זאך וואס איז אפילו א קינד ידוע אז מען טאר ניט? יום־כפור איז היינט, און א יולדת מעג נאר אין דיא ערשטע דריי טעג עפעס, צו האלבע לעפעל־ווייז געניסען, טועם זיין. אבער חנה׳לע אייער טאכטער איז שוין צוויי וואכען נאך איהר האבען, וויא אזוי געלוסט זיך אייך אזוינס?

— זיא איז אבער זעהר שוואך, האט גיטעלע אויסגערעדט א ביסעל העפטיגער וויא פריהער.

— אבער קראנק איז זיא חלילה ניט האט ער איבערגעפרעגט, א דאקטאר קומט צו איהר?

— ניין, דאס קינד ציהט איהר דיא כחות ארויס, חאטש זיא געהט שוין אראפ ביסלעכווייז פון בעט, האט זיא גענענטפערט. איך בעט אייך רבי, בעקלעהרט טאמיר איז דא א היתר אז א זייגענדיגע מוטער, וואס האט איהר קינד ניט מיט וואס דיא ליפעלאך אפילו אבצונעצען אז זיא פאסט, טאמיר מעג אזא מוטער עפעס נעהמען אין מויל אריין?

— ניטא אזא דין! האט דער רב קורץ אויסגערעדט, נור אז דער חולה אליין זאגט, אז ער פיהלט אז דער תענית וועט איהם געוויס מזיק זיין, גלויבט מען איהם, חאטש דער דאקטאר זאגט פארקעהרט ווייל לב יודע מרת נפשו, דער מענש פיהלט זיין אייגען וויטאג בעסער וויא דער דאקטאר קען עס פיהלען, וועט אייער טאכטער פיהלען אז זיא מוז עסען, זאל זיא טועם זיין עפעס. ביי דיא רייד האט דער רב זיך אבגעקעהרט אהין וואוהין ער האט בעדארפט.

א יוד א בעל העגלה וואס האט דעם שמועס געהערט האט זיך א זאג געטאהן:

— אט וואס דיא נגידים זיינען, איין טאג אין יאהר אפילו יום־כפור איז זיי אויך צו שווער, איהר חנה׳לע האט בעדארפט זיין ביי מיר א טאכטער, וואלט זיא זיך אויסגעלערענט פאסטען וויא א נאש־בראט פאסט און וואלט געזונטער אויך געוועזען, בנעאמנות.

גיטעלע האט דיא ווערטער נעהערט און אין דער מינוט האבען זיי אויף איהר מעהר געווירקט וויא דעם רב׳ס דין.

„ער איז גערעכט!“ האט זיא איבערגערעדט פאר זיך, נו באמת וואס טהוט א מענש אז עס איז אין שטוב קיין ברויט ניט דא? קיין בייז, זאלל זיא פאסטען. זיא וועט געזונד זיין!....

זיא איז צוריק אריין אין שוהל, און גענומען דעם מחזור און האט אנגעהויבען לייענען אויף עברי־טייטש דיא פרשה פון „אחרי־מות“ נור דא האט זיא ווידער דערזעהען דיא אונגליקליכע מוטער, און זיא

האט זיא ווידער דערמאנט איהר יונגע שעהנע טאכטער וואס איז אזוי פריהצייטיג פון דער וועלט אוועק: זיא האט אויך געוויינט אויף אהרן'ס צוויי זיהן וואס זיינען אין אהל מועד פערברענט געווארען, איהרע אויגען זיינען פולל מיט טרעהרען געוועזען, אלעס דא האט איהר געדאכט שווימט אין א טייך טרעהרען ארום און דארט דורך דער אפענער טהיר אויפ'ן טרעפ וואו פאר יאהרען איז דאס בלאסע ווייבעל געזעסען אהן כחות, זיצט איצט, דאכט איהר, חנה'לע איהרע פונקט אזוי טויט וויא יענע, דעם קאפ צום פארענץ אנגעשפארט און איהרע שעהנע אויגען זיינען אויסגעלאשען, מיט א טומאן פערצויגען. — זיא האט זיך א הייב געטאהן און איז צו דער טהיר צוגעגאנגען. דא איז ווירקליך איינע געזעסען. אבער ניט איהר חנה'לע.

„ניין, עס איז ניט גלייך!” האט איהר הערץ ווידער אנגעהויבען ריידען, דער וואס האט קיין ברויט ניט, האט שוין נעכטען און פארנעכטען אויך פערזוכט דעם טעם פון הונגער, דיא נויטה מאכט דעם מענשען שטארקער פון אייזען. דער אבער וואס האט, ברוך השם, פון כל טוב אין דער היים. זיינע אויגען זעהען דאס עסען, ווילט זיך טאקי און דער נסיון איז גרעסער, נור איצט איז נאך א בלויז פריה, ערשט האלב נאך איינס א זייגער. איך וועל נאך צייט האבען לויפען אהיים א סוק טאהן שפעטער נאך מוסף, וועט זיא ווערען זאל זיא עסען געזונדערהייט. איך וועל פאר איהר צעהן תענתים אבפאסטען, אז גאט ברוך הוא וועט מיך לעבען לאזען און מיין געזונד מיר אויף ווייטער שיינקען!....

זיא האט דיא פרשה אבגעלייענט און אנגעהויבען לייענען דיא עברי טייטש פון דער הפטרה:

פלוצלונג האט זיא זיך אבגעשטעלט ביי דעם פסוק: הלא זה צום אבחרהו, זאל איך אזא פאסטונג ניט טוהן אויסוויילען עפענען דיא בינט פון דיא שאלקהאפטיגקייט, אב־בינדען דיא שטארקע פערבינדונגען פון דעם יאך, ארויסשיקען דיא צובראכענע נעביך אין פרייקייט און אלע יאכען צורייסען?

אדער ניט אזא תענית זאל מיר געפעלען? אפברעכען פאר דעם הונגעריגען פון דיין ברויט און ארעמע נויט־בעדירפטיגע צו דיר אין שטוב אריינברייגען, אז דו זעהסט א נאקעטען, איין אבגעריסענעם נעביך, זאלסטו איהם מיט דיין קלייד צודעקען און פון דיין אייגען פלייש זאלסטו זיך ניט טהון פערהיילען!

„הונגעריגע ברויט געבען, נויטהבעדירפטיגען אין שטוב אריינעהמען, א נאקעטען זיין בלייזקייט צודעקען און פון אייגענעם פלייש ניט מינערען” וואס פאר א טהייערע ווערטער זיינען דאס! האט גיטעלע אויסגעשפראכען גאנץ לויטער. עטליכע און פערציג יאהר, אז איך לייען דעם מפטיר יאהר פאר יאהר, און נור

היינט דאכט מיר זעה איך זיי צום ער־שטען מאהל. צום ערשטען מאהל הערן זיי ערשט היינט מיינע אויערען, און איז דען אין אמת'ן ניט בעסער דעם אנדערען גוטס — איידער זיך חלילה שלעכטס צו טהאן? פאר וואס־זשע זאלל מיין ארעם קינד חלש'ען היינט, אז זיא קען ניט? אז גאט אין היממעל וויים דעם אמת אז זיא קאן ניט?

אבער וואס רייד איך? האט זיא אין א מינוט ארום צו זיך ווידער געזאגט, זיינט יודען זיינען לייענט מען געוויס דעם מפטיר. אונזער רב וויים געוויס דעם טייטש פון דיא ווערטער וויא איך, פאר־וואס־זשע פאסטען אלע, אלע אפילו דיא קינפעטארען וואס קענען ניט פאסטען? פאר וואס האט דער רב געזאגט אז זיא טאר ניט אנבייסען, אפילו אין מויל א זופ וואסער ניט נעהמען? טהוען יודען קיין צדקה ניט? האט מען קיין רחמנות אויף ארעמע און נויטבעדירפטיגע ניט? פאר וואס פערהיילען זיי און מינערען פון זייער פלייש? אלא, צדקה איז א מצוה א חוב און פאסטען יום כפור איז ווידער א חוב, און באמת פון וואנען וויים איך אז דיא ווערטער זיינען געזאגט געווארען ענטגעגען יום כפור? טאמער מיינט מען גלאט א תענית וואס א מענש נעהמט אויף זיך? יא, געוויס אזוי יום כפור מוז מען פאסטען, א קלייניגקייט יום כפור! זאל זי פאסטען, נישקשה גאט וועט חסד טהון! פון דעסטוועגען האט זיא מורא גע־האט א היים געהן א קוק טהון וואס טהוט דארט איהר טהייער קינד — וואס וועל איך איהר העלפען, אז איך וועל קומען און זעהן איהר צער מיט דיא אויגען?" האט זיא צו זיך גערעדט, קען איך דען מיט מיין קומען ערקוויקען איהר פער־חלש'ט הארץ? ניין, איך וועל ניט געהן. איך וועל דא בעסער גאט בעטען פאר איהר, הגר האט אויך איהר פערשמאכט קינד אוועקגעווארפען, אין דער מדבר און זיך געזעצט פון וויטען, איהרע אויגען זאלען דעם צער ניט צוזעהן, וויא דאס קראנקע קינד געהט אוים פון דארשט, גאט האט איהר צער צוגעזעהן, ער וועט מיין צער אויך צו זעהן, און מיין קינד מיט כוחות שטארקען, זיא וועט איבערקומען, און אפשר איז איהר דער תענית גאר ניט אזוי שרעקליך וויא איך מיין?...

אז דער חזן, דער בעל־מוסף האט מיט א פרישע שטימע אנגעהויבען שרייען: „הנני" האט גיטעלע זיך געפיהלט צובראָ־כען איהר הערץ איז שוין געגוג ווייך גע־ווען אין איהר פון דעם פיינליכען קאמפף וואס האט עס געפיינינט דיא גאנצע שחרית צייט, זיא האט איצט געוואלט זיך אויסוויינען, דאוונען מיט כונה וויא אלע יאהר.

„איצט וועל איך שוין דאוונען! האט זיא אויסגערעדט, און אנשיקענעם, א שטן רחמנה ליצלן, איז אין דיין נאריש הארץ אריין, וועה צו מיינע יאהרען, אזא יום הדין, יום כפור, און איך וויים ניט צו

האב איך א ווארט פון גאנצען שחרית נעדאווענט!"

און זיא האט נעדאווענט, דעם חזן'ס אומעטיגע נגונים, זיין רחמים'דיג שרייען האט איהר הערץ אזוי צונומען אז זי האט ווי אין גאנצען פערגעסען וואס מיט איהר איז ביז אהער געוועזען, אלע ווייבער האבען אויך געשטארקט איצט זייער געוויין און דאס האט גיטעלען אוועקגעטראגען אין איין אנדער עולם, העכער אהינצו דארט וואו דיא נשמות אהן דעם זינדיגען גוף שטעהען פאר דעם כסא הכבוד, וואו עס ווערט געוועגען אויף א וואגשאל דיא עבירות און מצות פון יעדען, עס שטעהען מקטרגים שווארצע ניט שעהנע מלאכים מקטרג צו זיין, ארעפצוציהען דיא שאל פון עברות, עס שטעהען אבער מליצים טובים אין א געשטאלט פון שעהנע מלאכים און זיינען ממליץ טוב, זיי ווייזען צו דיא נע'משפט'ע נשמות, זיי זאלען דאוונען תשובה טהאן, „ותשובה, ותפילה, וצדקה מעבירין את רוע הגזרה" הערט זיא און דאוונט, און טהוט תשובה אויף איהרע פריהערדיגע זינדיגע געדאנקען און נעהמט זיך פאר צדקה צו טהון, צו געבען א הונגעריגען פון איהר ברויט, און נויטהבעדירפטיגע לאזען צו איהר איין שטוב אריין, א נאקעטען אז זיא וועט זעהן וויא זיא זיין נאקעטקייט צודעקען, ניט זשאלעווען נאר גאט זאל איהר בקשה צעהערען. ניט פאר זיך, בעט זיא, נאר פאר איהר קינד, פאר איהר ליעב און שוואך קינד. און ווידער דערמאנט זיך איהר אז יענע ליגט נעבעך א שוואכע, א קראנקע אין דער היים, דאס קינד ציהט און זייגט דיא ליידיגע ברוסט, דיא מאמע האט שוין קיין כח ניט. זיא חלש'ט. א קעלט איז גיטעלען איבערן גאנצען לייב אריבער, זיא ציטערט עס ווערט איהר אליין ניט גוט און מוז זיך אן שטענדער אנהאלטען זיא זאל ניט פאלען. זיא וויל ארויסגעהן, נור מען האט שוין דעם ארון קודש געעפענט און מען הויבט שוין אן צו זאגען דעם שרעקליכען ונתנה תוקף" און וויא געהט מען ארויס פאר דעם?

פערקלעמט איז איהר הערץ צוריק, אזוי טרוקען און קאלט האט זיא און אפשר נאך קיין פרוי אין דער וועלט דעם „ונתנה תוקף" ניט געזאגט קיינמאל, גיטעלע וויים ניט וואס מיט איהר טהוט זיך...

פלוצלונג איז געווארען א טומעל אין ווייבערשער שוהל. דיא בעטריעבטע פרוי, וואס האט נאך פאר - יאהרען דעם זעלבען „ונתנה תוקף" מיט איהר יונגע טאכטער געזאגט, האט פון וויינען איצט א קראמפף בעקומען, דאס מויל האט זיך איהר אהן א זייט פערדרעהט און זיא האט זיך שטיל און וויא פערשטיינערט אויף דער ערד אראפגעלאזען, עס זיינען צוגעפאלען אלע ווייבער צו איהר זיי מינטערן, גיטעלע איז אויך צוגעלאפען, גיטעלע האט זיך געהאלטען פאר א שטיקעל מומחה'טע, אין אזעלכע זאכען, און האט זיא באלד צוריק געבראכט, מיט איהר פון

שוהל ארוים און זיא אויף'ן טרעפ אוועק־
געזעצט. דיא פרוי האט פריי דעם אטהעם
אבגעצויגען, „מי ברעב ומי בצמא!" האט
דיא פרוי שאקלענדיג מיט'ן קאפ גע־
טענה'עט. אוי, אזא גזר. אזא פינסטערע
גיבע גזירה! נאך פאר יאהרען האט מיין
ליעב קינד מיט איהר מאמען דעם ונתנה
תוקף געזאגט, ווען צו מיינע יאהרען,
אז איך וואללט געוואוסט אז איהר גזר
דין איז שוין אין דעם ונתנה
תוקף אנגעחתמעט, וואלט איך בעסער
אויף זיך א טויט אויסגעבעטען נאר זיא
מיין פיינעלע זאל לעבען, וואס ווייכט
איהר גיטעלע, ניט וויסען זאלט איהר פון
דעם צער וואס איך טראג אין הארצען!

גיטעלע האט געוואלט זיא טרייכ־
טען, אבער זיא האט ניט געקענט, נור
גרויסע טראפפענס טהרערען האבען זיך
איינער נאך דעם אנדערן געקייקעלט אי־
בער איהרע איינגעפאלבטע באקען.

— פאר א יאהרען, אז איהר איז
פון תענית ניט גוט געווארען, האט דיא
פרוי ווייטער דיא הענד ברעכענדיג אויס־
גערעדט אין זיא דאך אויך געזעסען אויף'ן
טרעפעל, נארעשע אשה וואס איך בין!
צו וואס האב איך זיא בעדארפט דא האל־
טען? וויל דען דער רבונו של עולם באמת
מען זאל איבער דיא כוחות טהאן? איך
האב עס ניט פערשטאנען, היינט ווייס
איך וואס איך האב אויסגעפיהרט, איך
אלטע מאמע לעב, און זיא מיין יונג בליה־
מעלע איז אבגעריסען געווארען אין מיטען
בליהען, א גוטע בעטערן איז זי שוין דארט
איצט פאר איהר זינדיגע מוטער.

איהר זיינט גיטעלע, זעהר גערעכט,
וואס איהר האט אייער חנה'לען צו לייג־
גער יאהר ניט מיט גענומען אין שוהל
אריין, איין אלטער בוים קען אריבערטראַ־
גען היטץ און קעלט מעהר וויא א יונג
בוימעלע, שיינט דיא זונן זומער צו היים
און קיין רעגען און קיין טוי ערקוויקט
זיי ניט ווערען נאר דיא גרינע בלעטעלאך
געל און פערטריקענט אויף דעם אלטען
בוים, זיינען צווייגען אבער טריקענען ניט
אזוי וויא ער אליין, א יונג בוימעלע אבער
איז ניט אזוי, א יונג בוימעלע ווערט אין
גאנצען אויסגעטריקענט אז עס בעקומט
קיין רעגען ניט אין דער צייט, דיא ווארצ־
לען זיינען זיינען נאך טיעף אין דער ערד
ניט איינגעוואקסען, און קען קיין איבריגע
היטץ ניט אריבערטראגען, ווען צו מיינע
יאהרען, מיין יונג בוימעלע איז אין מיינע
אויגען אויסגעטאכנעט געווארען. פון
יום כפור אן, האט זיא צו טריקענען אנגע־
הויבען, און איך אלטער דארען לעב נאך,
מיר שאדט ניט קיין קעלט, קיין היטץ,
וואס האב איך זיא געצוואונגען נעבען מיר
א גאנצען טאג א פארשמאכטע צו זיצען?
קליגער זייט איהר פאר מיר, גיטעלע,
אייער חנה'לע וועט נאך צייט האבען גאט
צו דינען און אין שוהל יום כפור צו פייער־
גען איהר לייב אין וויינען און פאסטען,
זאל זיא איצט גאט דאנקען וואס ער לאזט
זיא בליהען, זאל זיא געניסען דיא וועלט

וויא לאנג זיא איז נאך יונג און נאט'ס זונן שיינט נאך אין אהרע אויגען. וויניג זיינען נאך איהרע זינד, עס וועט קומען א צייט אז איהר וועט צו פאסטען און צו וויינען א גאנצען טאג אין שוהל א פערגניגען זיין. ניט לייגט דעם שווערען יאך פון יודיש־קייט צו פריה ארויף אויף איהר יונגען האלז !...

גיטעלע איז יעדער ווארט וויא א שווערער שטיין געפאלען אויף איהר הערץ. זיא האט נור וויינען געקענט אבער ניט ענטפערען. זיא האט וויא פארווירפע געהערט אין דער פרוי'ר רייד. „און מיך האלט מען דאס פאר א קלוגע אשה. פאר א געטרייע מוטער !" האט גיטעלע גע־קלעהרט. וואס פערשטעה איך אליין אז מען זאגט מיר ניט ? איך מוז נור יענעם גלויבען, יענעם הערצען. וואס מיין אייגען הערץ זאגט מיר גלויב איך ניט. פאר וואס? צו וואס האט גאט א הערץ אריינגעזעצט אין דעם מענשען ? א הערץ אין א מוטער וואס פיהלט טרייהייט און רחמים צו איהר קינד, אז ער וויל ניט מען זאל דאס הערץ גלויבען ? צו וואס האט ער א שכל אונז געגעבען, אז מען טאר ניט הערען וואס דער שכל רעט צו אונז?.. היי? א יונג בוימעלע אז ער האט ניט זיין רעגען אין דער רעכטער צייט מוז טריקענען. נאר איין אלטער בוים קען היטץ און קעלט פערטראגען !" זאגט דיא אונגליקליכע מאמע נעבע און וואס לויף איך ניט אהיים צו מיין יונג בוימעלע, עס בענעצען, ער־קוויקען איהרע טרוקענע בלעטעלעך כל זמן עס איז נאך צייט דא ? דארף איך באמת ווארטען דאס אונגליק זאל חלילה פריהער געשעהן און דערנאך זאל איך אזוי קלוג ווערען וויא דיא עלענדע מאמע דא פאר מיינע אויגען, בעת עס וועט שוין קיין צייט ניט זיין ? ניין. איידער שפע־טער צו פערגיסען מיינע טרעהרען פאר דער אויסגעלייטערטער נשמה, בעסער איצט וויינען און בעטען ער זאל געזונד און שטארקייט איהר גוף צו שיקען, זיא זאל קענען א מאמע זיין איהר קינד...

און ניט ווארטענדיג איין מינוט איז גיטעלע פון דיא טרעפ אראפ. זיא האט וויעדער דעם רב בעגעגענט און איהר האט זיך אין הערצען אפגעריסען אז זיא האט איהם דערזוהען. „זאלל איך איהם נאך א מאל אפשר א פרעג טהאן ?" האט זיא זיך געפרעגט, ניין ! גענוג, איך האב גע־פרעגט, ער האט מיר געזאגט, אבער ער איז א מאנסביל, ער ווייס ניט דאס שווא־כע הארץ פון דער זינדיגער אשה, ער ווייס ניט די פיין וואס א מוטערס הערץ פיהלט איבער איהר קינד. ער איז איין אלטער איינגעוואקסענער בוים, ער קוקט אויף זיך און ווייס ניט וואס פיהלט א יונג בוי־מעלע אז דיא היטץ ברענט און עס וועט איינגעסאכנעט אהן רעגען ! נאר אין דער מינוט האט דער רב אריינגעשטעקט זיינע ביידע הענד אין דער כלי וואסער וואס איז דא אויף דעם שוהל־הויף געשטאנען דיא הענד צו וואשען און האט געזאגט :

אשר יצר את האדם בחכמה. איהר האַט געדאַכט ער רעדט צו איהר עפּעס. זיא הערט קלאָהר וויא ער זאָגט: ניין! ניין! מען טאָר ניט! היינט איז יום כפור!... אָבער זיא האָט זיך אַ קעהר געטהאָן און איז לויפענדיג ארויס פון שוהל־הויף.

לויפענדיג איז זיא אלע שטילע יום־כפור׳דיגע גאַסען דורך. זיא האָט זיך גע־פיהלט זיא איז שולדיג. זיא לויפט פון גאָט און האָט מורא געהאַט זיך אומצו־קוקען. עס איז איהר צום מוטה געוועזן וויא מען יאָגט זיך נאָך איהר.

אָהן איין אָטהעם איז זיא אין שטוב אריין, נאָך אין פאָר־הויז האָט זיא דאָס שרייען פון קינד דערהערט, אז זיא איז צו דער קינפּעטאָרען אין צימער אריין, האָט זיא איהר חנה׳לען געפונען בלאַס וויא דער טויט און איהרע טהרערען גיסען זיך איבער איהר הונגעריג קינד, וועלכעס זיא טולעט צו צו איהר ברוסט, דאָס קינד צורייסט זיך שרייענדיג, דיא עלענדע מו־טער קען עס ניט איינשטילען.

— וואָס שרייט דאָס קינד אזוי? האָט גיטעלע געפרעגט. אָך, איך וויים, הונגעריג איז דאָס עופה׳לע נעבעך, עס ווייס ניט אז היינט איז יום כפור אויף דער וועלט, עס וויל ניט וויסען און דאַרף טאָקע ניט וויסען, וועלכע זינד האָט עס שוין אז עס זאָל היינט הונגערען צוליעב זיי? ביים אָן, מיין טאָכטער, צוליעב דיין קינד וואָס נאָך ניט פאר איהם איז דער יום כפור געגעבען געוואָרען.

—מאַמע, האָט דאָס בלאָס ווייבעל אויסגערעדט. איך קען עס ניט טהאָן, פון דרייצעהן יאהר אָן פאַסט איך אללע תענתים, וואָס וועט דער רבונו של עולם זאָגען?

— אָבער דאָס קינד, דאָס אונשולדי־גע קינד, וואָס איז מחויב צו ליידען? האָט דיא מוטער געפרעגט.

— דאָס עלענד זיינס. איז מיר, אמת שווערער וויא דאָס פאַסטען, האָט זיא גע־ענטפערט און נייע טרעהרען האָבען זיך צו גיסען אָנגעהויבען פון איהרע אויגען, טאָמיר קענסטו מיר שיקען אַ זייגענדע אידענע וואָס זאָל דאָס קינד אָנזייגען אביסעל? עס האָט מיר שוין דאָס גאַנצע בלוט אויסגעצויגען פון אונטער מיין האר־צען.

ביים אָן זאָג איך דיר, האָט גיטעלע שאַרף און בעהערצט אויסגערעדט, צוליעב דיין מאַמען, וואָס הייסט דאָס דיר און צוליעב דיין קינד וואָס האָט דאָס רעכט צו פערלאַנגען דאָס פון דיר!... און ניט וואַרטענדיג מעהר איז גיטעלע אין קיך אריינגעלאָפען. דאָרט האָט זיא אַ גלאָז מילך אָנגעגאָסען און דערלאַנגט איהר טאָכטער, חנה׳לע האָט ניט געוואַגט זיך צוצוריהרען.

— טרינק, האָב קיין מורא ניט, האָט גיטעלע געהייסען, אויף מיין קאָפּ דיא עברה, מיך זאָל גאָט שטראָפען פאַר דיר, איך בין איין אלטער בוים, שטאַרק און

טרוקען איז דיא קארע וואס דעקט צו מיי־
נע ביינער. איך האב קיין מורא ניט פאר
היץ און קעלט, דו מיין קינד ביזט א יונג
בוימעלע, אביסעל צו הייס קען דיר אויך
שאדען. דו דארפסט איצט כחות זאלען דיר
צוקומען, ניט עס זאל דיר חלילה אבגענו־
מען ווערן, אויף מיין קאפ דיא עברה, גאט
איז מיין עדות, איך בין מרוצה !

— אבער, מוטער טהיירע, האט דאס
ווייבעל מיט א געוויין אויסגערעדט, איך
וויל ניט גאט זאל דיך שטראפען חלילה
איבער מיר. א, לאז מיך, לאז מיך !...

— אז דו ווילסט ניט טאהן וואס איך
ראטה דיר, האט גיטעלע ענטשידען א זאג
געטאהן, טהו זשע וואס איך הייס דיר, איך
בין נוזר אויף דיר דו זאלסט שוין אנבייי־
סען, הערסטו וואס איך זאג דיר ?

דיא קינדפעטארען האט דיא גלאז גע־
נומען, אבער איהר האנד האט געציטערט
און איז ניט אין שטאנד געוועזן צום מויל
צוצוטראגען. זיא האט צוריק אוועקגע־
שטעלט.

— ווילסטו מיר מיין יום כפור פער־
שטערען האט גיטעלע וויא מיט כעס
געפרעגט, ער איז מיר שוין אזוי אויך גע־
נוג שווער און ביטער, איך האב נאך א
ווארט ניט געדאווענט וויא עס דארף צו
זיין, דאס הערץ אין מיר איז מיר וויא
אונטער דעם אייז, עס רוהט ניט, צום גו־
טען זאל עס זיין! רבונו של עולם! וועסט
פאר מיר אין דיא אויגען ניט אנבייסען
ביז דו זאלסט האבען מיט וואס דיין קינ

דיא נשמה צו דערהאלטען, וועל איך פון
שטוב ניט ארויסגעהען און דו וועסט א
גרעסערע עברה האבען, אז איבער דיר
וועל איך ניט דאווענען קענען, אלס דיא
עברה, וואס דו וועסט דיין מאמעס און
דיין קינדס רצון טאהן און דערהאלטען
דיין נשמה אין זיך ! . . .

גיטעלע האט איהר דיא גלאז מיט
מילך צו איהרע ליפען צוגעטראגען.
חנה'לע האט ברכה געמאכט, זיא האט
א זופ געטאהן און איהרע הייסע טרעהרען
זיינען אין גלאז איינס נאך דיא אנדערע
געפאלען, גיטעלע האט דיא גלאז ניט צו־
גענומען ביז זיא האט ביז'ן דעק אויסגע־
טרונקען.

אז זיא האט דיא גלאז אוועקגעשטעלט
האט זיא פרייער דעם אטהעם אבגעצוי־
גען. א פוד בליי איז איהר פון הארצען
אראבגעפאלען.

— זאל דיר וואויל בעקומען, מיין
ליעב קינד האט זי אויסגערעדט און איהר
טאכטער א הייסען קוש געטאהן, דו האסט
מיך ערקוויקט, דו האסט מיך געזעטיגט
און איצט וועט דיין מאמען ניט שווער
זיין נאך דריי טאג צו פאסטען, איך וואלט
עס ניט אריבער געטראגען, גאט וועט אונ־
זער ביידענס צער צוזעהען, פייניגען אונ־
זערע לייבער, הייסט ער אין דעם הייליגען
טאג און ער וויים וויפיעל מיר האבען
יידע פון דעם ניט פאסטען וואס איז
פשר גרעסער וויא דער פיין אז מען קען
כטען און מען פאסט וויא אלע אידישע

קינדער !...

אין א פיערטעל שעה ארום האט איהר דיא מוטער צוגעטראגען אויף עפעס צו פערבייסען און אז זיא האט געזעהען אז דאס קינד ביי איהר טאכטערס ברוסט האט צו זיינען אנגעהויבען און איז מיט דער ברוסט צווישען זיינע ליפעלעך דא אויף איהר שוים אנשלאפען געווארען האט גיטעלע צוגעטראגען א סדור בעוויזען דער טאכטער וואס זיא זאל זאגען צו מנחה און צו נעילה און איז באלד צוריק אין שוהל אוועק.

דער עולם האט שוין מנחה אנגעהויבען, גיטעלע האט זיך צוגעקעהרט צו דער וואנד און אזוי איז זיא אבגעשטאנען און געזאגט מיט כונה און געוויינט. פון ארט האט זיא זיך ניט אבגעקעהרט ביז נאך נעילה, ביז נאך עלינו, ביז זיא איז א צופרידענע א געשטארקטע מיט א לייכטען הערצען דיא לעצטע פון שוהל ארוים.

פיעל טעג אין דעם יאהר האט גיטעלע נאכהער אין פאסטען און אין בעטען פערבראכט, קיינער אויסער איהר חנה'לע האט ניט געוואוסט איבער וואס זיא פאסט. נור אלע האבען געוואוסט, אז זיא טהיילט איהר ביסען מיט דעם הונגעריגען, אז אלע עלענדע און נויט בעדירפטיגע געפינען שטענדיג א ווארעמען ווינקעלע ביי איהר אין שטוב, און קיין נאקעטער און אבגעריסענער איז ניט מעהר נאקעט און אבגעריסען געווען אז גיטעלעס אויג האט נור זיין נאקעטקייט געזעהען.

איהר טאכטער חנה'לע האט זיך פון איהר מוטער געלערנט און דארט וואו דער מוטערס הענד זיינען צו שוואך געווען האבען איהרע הענד מיטגעהאלפען און נאך אין דעם זעלבען יאהר האט חנה'לע מעהרערע מאהל געהערט דיא ווערטער, איהר האט, לעבען זאלט איהר, אזא מצוה געטאהן אז איהר וועט ניט דארפען יום כפור פאסטען !

* * *

עס איז ווידער יום כפור, נור דרייסיג יאהר זיינען פון יענער צייט אריבער.

ווידער איז דיא שוהל פול מיט טלית און קיטעל איינגעוויקעלטע אידען, דער פאל איז מיט היי אויסגעבעט איצט וויא דאמאלס. אין צוויי גרויסע קאסטענס פול מיט זאמד פוןביידע זייטען ביהמע ברענען היינט דיא וועקסענע „נשמה ליכט" וויא מיט דרייסיג יאהר צוריק כאטש נאך אנדערע פרישע נשמות וואס זיינען ערשט אין דרייסיג יאהר נשמות געווארען, און זיי ברענען מאנכע שטיל און רוהיג און מאנכע פלאקערדיג און שמעלצענדיג און יונגלעך קונדסים כאפען דיא שטיקלעך אבגעשמאלצענע וואקס אויף היינט וויא אמאהל.

כאטש דיא שטימע פון דעם חזן איז איצט אנדערש, אבער דיא ווערטער וואס ער זאגט און דער נגון וואס ער זינגט זיינען דיא זעלבע, גאר דיא זעלבע ניט געענדערט אויף איין האר.

דיא זעלבע זיינען אויך דיא טרעהרען וואס גיסען זיך היינט טייכענווייז, דארט הינטער דיא פערהאנגענע פענסטערליך אין דער ווייבערשער שוהל, האטש פון אנדערע אויגען, פון אנדערע געפייניגטע הערצער פליסען זיי . . .

אויף דעם ארט וואו מיט דרייסיג יאהר פריהער איז דיא אונגליקליכע מוטער גע־שטאנען און בעוויינט איהר ליעבע טאכ־טער, וואס איז אזוי יונג פון דער וועלט אוועק, שטעהט היינט אויך א מוטער און צוגיסט איהר שווערע הערץ אין הייסע טרעהרען. זיא וויינט און קלאגט איבער איהר שעהנע טאכטער, וואס זיא האט זיך געבענשט אמאהל מיט איהר, א מיי־דעל שעהן וויא גאלד, וואס סאיז פלוצלונג וויא פון כשוף פערפיהרט געווארען און וואס מיט איהר טהוט זיך איצט, איז שווער און ביטער זעלבסט אויסצוריידען און דיא שטענדיג געטרייע מוטער בעט איצט מיט טרעהרען הייסע וויא פייער, ניט געזונד, ניט לאנגע יאהר פאר איהר קינד, אבער א טויט א גיכען וואס וועט גלייכער זיין פאר דעם קינד נאך מעהר וויא פאר דער מוטער.

זיא האט נאך איהר מוטערליכע טריי־הייט אין איהר הארצען וויא נאך איידער דאס אונגליק איז געשעהען... נור טאקי דערפאר בעט זיא ביי גאט אזוי הייס אט דעם טויט אויף איהר קינד, קיין בע־סערע זאך זעהט זיא ניט אין דער וועלט און קיין אנדער זאך קען זיא ביי גאט דעם לעבעדיגען היינט ניט בעטען און עס גיסען זיך איהרע טרעהרען שטיל און פא־לען איבער דיא ווערטער פון איהרע תחנות, זיא האלט דעם קאפ אין סדור איינגעגראבען און שעהמט זיך איהרע אוי־גען ארויסצונעהמען טאמער בעגעגנען זיי זיך מיט אויגען וואס וועלען איהר שאנד דערזעהען וואס איז וויא א פלעק אויף איהר פנים געווארען...

און פונקט דארט וואו דיא ארעמע אלמנה איז געשטאנען מיט דרייסיג יאהר צוריק און האט מינוטען ווייז געקוקט איה־רע יתומים אין שוהל צו זעהען אויב זיי דאווענען, אויב זיי נעהמען א אידיש ווארט אין מויל אריין, און האט געחליפעט ווער־נענדיג אז איהרע אויגען האבען ניט גע־פונען וואס זיי האבען געזוכט, שטעהט היינט א אידישע טאכטער און קוקט דורך דאס פארהאנגעל און זיא ווייס אליין ניט אויף וועמען זיא קוקט מעהר, צו אויף איהר מאן וואס מאכט ווילדע בעוועגונגען מיט ביידע הענד און מיט זיין גאנצען קערפער, אדער אויף דעם יונגען מענשען וואס זיצט אויך אין מזרח וואנט ניט ווייט פון איהם און דאווענט וויא א איד און זיצט רוהיג וויא א מענש ?

וועלכע געדאנקען לויפען איהר דורך איהר קאפ אצינדר וויפיעל טרעהרען האט זיא פערגאסען פון יענעם טאג אז אז דער יונגער מאן איז געווארען אויס חתן איה־רער און דער ווילדער חסיד איז איהר מאן, איהר ברויט געבער געווארען ווי־

פיעל וואונדען טראגט זיא זייט דעם שטיל און טיעף פערשלאָסען אין איהר אידישען הערצען און פייניגט זיך פון איהרע אייגענע געדאנקען, וואס טראכט זיך איהר ניט וועלענדיג. נור זיא האט קיין כח ניט צו טראכטען. און וויא בעט זיא איצט גאָט ער זאָל אויסלעשען דאס זינדיגע פייער פון איהר זינדיג הערץ, אויסלעשען אלץ וואס ברענט און קאכט אין איהר, זיא זאל פערגעסען וואס איז געוועז, ניט וויסען ווי עס דארף צו זיין, נור איין זאך זאל זיא וויסען ליעב צו האבען איהר מאן, וועלכער וועט און מוז איהר מאן בלייבען ביז איהר טויט! זיא זאל איהם ליעב האבען ביי אלע זיינע אונמענשליכקייט, ביי זיין ווילדקייט און זעלבסט ווען ער שלאגט זיא זאל זיא נור אליין וויסען. שונאים זאלען ניט דערפרעהט ווערען און זיא זאל אלע איהר פיין פאר גוט קענען אננעהמען וויא ער, דער וואס טהיילט דעם גורל איין יעדער אשה האט א אידישער פרוי געבאטען...

און עס פליסען איהרע טרעהרען אויף דעם אייגענעם ארט וואו עס האבען אזעלכע טרעהרען געגאסען מיט דרייסיג יאהר צוריק פון א גאנץ אנדערן גרונד און קוועלע. און זיי פאלען אויף דיא זעלבע ווערטער פון מחזור, וואס יעדע אידישע פרוי פערשטעהט זיי אנדערש אלס דיא אנדערע.

נור דארט אין מעריב זייט ניט וויט פון טיהר וויינען דיא ארעמע אידישע פרויען אויך היינט מיט דעם אייגענעם ניגון, מיט דעם אייגענעם בעטריבטען הערצען וויא מיט דרייסיג יאהר צוריק.

ארעמקייט, הונגער, נויטה און מאנגעל האבען אלע מאהל איין פנים, איין טעם און איין ארט ביי דער טיהר. אזוי זוייער און ביטער דאס געוויין, וואס קומט פון נידערגעשלאגענע איז אמאל געווען, וועט אויך אייביג זיין, אלע ווינשע און געליסטע פון מענשען וועלען זיך איבערבייטען און בייטען זיך, נור דער וואונש פון דעם הונגעריגען וועט אייביג בלייבען דאס שטיקעלע ברויט, דיא געליסטע פון דעם נויטה בעדירפטנגען וועט אויך הייביג הייסען: פון דער נויטה בעפרייט צו ווערן און ניט מעהר וויסען פון דעם טעם וואס דאס האט !...

און דארט ביי דער טיהר שטעהען איצט אויך ניט וויניגער פינסטערע אויסגעטריקענטע און שפל'ע נעבעך, הערצען אדער הערצען ניט דיא זאגערקע, און ווייגען וויא זיי צום הערצען איז. עס איז יום כפור.

נאר אין רעכטען מיטען מזרח וואנט אויף דעם אייגענעם ארט וואו דיא פרומע גיטעלע האט מיט דרייסיג יאהר צוריק געדאווענט זעהט מען איצט אויך א חשובה פרוי קרוב צו פופציג יאהר, זיצט שטיל און טרויעריג וויא א דערהרג'עטע, איהרע ליפען פערשלאסען, דיא אויגען אין אפענעם קרבן מנחה, נאר זיי זעהען דיא ווערטער ניט.

פאר וואס וויינט זיא ניט ?

איז איהר אזוי גוט צום מוטה, אז זעלבסט יום כפור קען זיא איהר הערץ ניט צוטוהן צו דערמאנען אז קיין גוטס איז ניט אייביג און דער לעבעדיגער מענש וויים ניט וואס מארגען קען זיין?

אדער איז זיא ניט א אידישע פרוי, א פרוי פון א מאן און קינדער, און וועלכע אידישע פרוי האט ניט ערגעץ איינע אדער מעהרערע אורזאכען וואס יום כפור צו בעטען און א הייסען טרעהר לאזען פאלען ?

איז זיא אפשר אזוי הארט און אזוי שלעכט, אזוי שטאלץ און פארנעהם ביי זיך אז איהר פאסט ניט צו וויינען, לייט זאלען איהרע טרעהרען ניט זעהען און ניט קלעהרען זיא איז גלייך צו אלעמען ?

— נייִן, „חנה׳לע דיא גוטע, דיא קלוגע" איז איהר נאמען, איהרע איצט טרוקענע אויגען זאגען נאך עדות, אז זיי האבען אין זייער צייט פיעל, פיעל גע־וויינט, זיא איז ניט שטאלץ און שעהמט זיך ניט צו וויינען, בפרט יום כפור וואס וויינט זיך ממילא !

פאר וואס זשע וויינט זיא ניט ?

עס קוקען אויף איהר פיעל אויגען און וואונדערן זיך: וואס איז היינט מיט איהר דער מעהר אלס אלע יאהר? נאר זיא קוקט טרוקען, וויא פערשטיינערט אין איהר סדור, ניט זיא וויינט, ניט זיא דאווענט. א פאר מאל האט זא דאס פארהאנגעל פערבויגען א קוק געטאהן אין מענערשער שוהל, זיך באלד אוועקגעזעצט און יעדעס מאהל אלץ טרויעריגער און בעקלעמטער וויא פריהער.

„ער איז נאך אלץ ניטא!" האט איהר הערץ גערעדט אינערליך, צו מוסף אפילו האט ער ניט געקענט קומען? אך, און דאס איז מיין קינד, מיין בכור, פון איהם האב איך דאס אזוי פיעל יסורים און שמערצען אריבערגעטראגען ביז איך האב איהם אויף דיא פיס געשטעלט ?

יא, מיין קינד, מיין וואונד! איין אנדער מוטער וואלט איהם זיין געביין פערשאלטען, זיא וואלט געזאגט: ניט דו ביזט מיין זוהן, ניט איך בין דיין מוטער. איך קען עס אבער ניט, זיי מיר מוחל גאט אין הימעל, וואס איך רוף איהם נאך: מיין קינד, מיין זוהן!.. א, איך קען ביי דיר אויף זיך בעטען א טױט אבער ניט אויף מיין קינד! — שטראף מיך, רבונו של עולם, מיך זיין זינדיגע מוטער, אפשר בין איך שולדיג אין דעם וואס ער איז פון רעכטען וועג אראפ און האט דיך, לעבעדיגער גאט פערגעסען און האט דיין תורה פערלאזען און טהוט דיין געבעט ניט יא, איך בין שולדיג, איך האב איהם צופיעל ליעב געהאט, וואס ער האט געבעטען האב איך געטאהן, איך האב זיך מיט זיין פרומען פאטער שטענדיג ארומגעקריגט, אז ער פלעגט איהם בעשטראפען וועלען, איך האב איהם אויסגעהארעוועט וויא ער איז, און מיך שטראף פאר איהם !...

זיא האט איהרע אויגען פון סדור ארויסגענומען, ארומגעקוקט אלע ווייבער,

איהר האט געדאכט זיי קוקען אויף איהר, זיי ווייסען וואס ביי איהר אין הערצען טהוט זיך איצט, זיא האט דא א גליקלי־כע מוטער געזעהען, וויא שיינט איהר פנים. מען האט איהר זוהן ערשט ניט לאנג מפטיר אויפגערופען מיט דעם טיטול „הרב", וויא שעהן האט ער דעם מפטיר געלייענט. פעריל האבען זיך פון זיין מויל געשאטען, און איצט שטעהט ער און דא־ווענט אין א טלית און קיטעל. און א גרוי־סע זילבערנע עטרה דעקט צו זיין קאפ. זיא האט דעם יונגען מאן מעהרערע מאל געזעהען דורך דעם פענסטערל. ער האט מיט דעם רב זיך געאמפערט איבער א דין א שווערען מסתמא, אלע ווייבער הא־בען געקוקט און דיא מוטער האט נחת געקליבען. מען האט זיא געבענשט צוליעב איהר טהייערן זוהן וואס זיא האט אויס־געהאדעוועט.

„און דיא מוטער איז ארעמער און נידריגער געוועזן פאר מיר, דאמאלס, בעת מיר ביידע האבען אין איין צייט אונזערע קינדער געהאט", האט חנה'לע צו זיך גע־רעדט. געוויס האט זיא מיר מקנא געוועזן דאמאלס, גלייכע קינדער זיינען זיי גע־ווען, נאך בעסערע מלמדים וויא ער האט געהאט האב איך פאר מיין קינד אויסגע־זוכט און בעת יענער פלעגט הונגעריגער, א נאקעטער נעביך מיט בארפוסע פיסלעך לויפען פלעגט מען מיינעם אויף דיא הענד טראגען א זאטען, א אנגעטאנענעם און אן איינגעוויקעלטען. יענעם פלעגט זיין רבי שלאגען בעת זיין מאגערע אויסגע־טריקענטע יונגע ביינדעלעך ברעכען, האב איך מיינעם וויא מיין אויג פון קאפ גע־היט און טויזענד מאל זיין רבי'ן אנגע־זאגט ער זאל אפילו אויף איהם א פינגער ניט ארויפלייגען.

און וואו שטאלץ בין איך געוועזן, אז מען פלעגט קומען שבת אדער יום טיב מיין קינד פערהערען און דער פערהערער פלעגט איהם א קוש געבען אין זיין שעה־נעם קעפעלע, אדער א קניפ טהאן אין זיי־נע פולע רונדע בעקלעך און זאגען: ער איז א וואהלער יונגעל און וועט זיין א לייט! ווער איז דאמאלסט צו מיר גלייך געוועזן? פאר א קלוגע מוטער האט מען מיך געליבט. „זעהט איהר רבי, פלעג איך זאגען, ניט מיט קלעפ קען מען דיא תורה ארייננשלאגען, מיין קינד ווייס ניט וואס א קלאפ איז און קען אויך לערנען!" און איך פלעג ברוגז זיין אויף אנדערע מלמדים וואס שלאגען זייערע יונגע תלמידים'לאך אהן רחמנות. און איך נא־רישע אשה האב ניט געוואוסט, אז איך דארף ניט קליגער זיין פאר דיא גאנצע וועלט מענשען און מיין קינד דארף ניט בעסער זיין אלס אלע יודישע קינדער. אט וואס איך האב מיר אויסגעגלעט. אויס־געקושט און אויסגעהאדעוועט, אפילו יום כפור, וויל עס אין א מקום קדוש ניט אריין! וואס פאר א ווייטאג איז דאס א מאמען!....“

מען האט אין דער צייט אנגעהויבען

זאגען „ונתנה תוקף“, חנה'לע האט נאך אמאל א קוק געטהאן, טאמער האט איהר זוהן זיך פארט דערמאנט צו קומען, אבער ניין. אויף זיין ארט אין מזרח וואנד, וואס זיא האט ביי דעם גבאי פאר איהם בע־שטעלט, איז איין אלטער יוד געשטאנען, זיא האט אויך אנדערע „טייטשען“ אין שוהל געזעהן, זעלבסט געגאלטע בערד, מיט מחזרים אין דיא הענד, וועלכע זאגען דעם ונתנה תוקף מיט כונה וויא אלע יודען, אבער איהר זוהן איז ניטא.

„צו וואס האב איך פאר איהם א שטאדט בעשטעלט און נאך אין מזרח וואנד? האט זיא געפרעגט.

ניין, ערגער פאר איהם בין איך אז איך טראכט נאך און קען ניט דאוונען היינט איבער איהם! אלע, אפילו א סאל־דאט קומט פון פאלק, פון סלוזשבא היינט פאסטען און גאט בעטען ער זאל איהם מוחל זיין דיא גאנץ יעהריגע זינד. עס זא־גען ונתנה תוקף אזא טהייערע, אמת'ע תפילה אפילו דיא ניט פרומע, גאט הערט זייער געבעט, קיינער זינדיגט ניט אויף להכעיס, נאר ער, מיין קינד איז להכעיס צו טהאן. מיר און אלע יודען אין דערהיים געבליעבען, און וואס טהוט ער דארט? ער שפיעלט אודאי אין קארטען מיט דיא ניט יודיש דאקטוירים, און פלייסט זיך, אז ער האט קיין מורא ניט אום יום כפור א הולטיי צו זיין, און דוא שווייגסט איהם גאטט?“

זיא האט דעם ונתנה תוקף אנגעהויי־בען זאגען, איהרע אויגען האבען זיך גע־עפענט און טרעהרען האבען זיך געגאסען אהן אן אויפהער. זיא האט אויף זיך א טויט געבעטען. דאס לעבען איז איהר אין דער מינוט נמאס געווארען, אזוי פינ־סטער איז איהר אין דיא אויגען געווע־זען, אז זיא האט איהר זוהן היינט אין שוהל ניט געזעהן. אז זיא האט ווייטער דיא עברי טייטש פון דיא ווערטער גע־לייענט : כי לא תחפוץ במות המת, דו ווילסט ניט עס זאל שטארבען דער רשע וואס ער ווערט אנגערופען מת אפילו ווען ער לעבט, כי אם נייערט בשובו אין זיין טהון אומקעהרען זיך מדרכו פון זיין שלעכט וועג וחיה און זאל לעבען, ועד יום מותו און ביז דעם טאג וואס ער דארף שוין שטארבען תחכה לו ווארטסטו אויף איהם, אם ישוב אויב ער טהוט נאר תשובה מיד תקבלו, נעהמסטע איהם תיכף צו.

„ניין, רבונו של עולם!“ האבען איה־רע ליפען אויסגערעדט. לאז איהם נאך לעבען.ווארט אויף זיין תשובה, א, ניט נעהם צו מיין געבעט וואס איך האב דיך פריהער געבעטען. מיינע ליפען האבען עס נאר גערעדט, מיין הערץ איז דערביי ניט געוועזען, דוא ווייסט, גערעכטער פא־טער, אז אפילו ווען א מאמע שעלט איהר קינד מיינט זיא ניט דיא קללה זאל איהם אנקומען, זאל ער לעבען און געזונד זיין, שטארק זיין הערץ ער זאל תשובה טהאן, אדער דער זכות פון זיין פרומער באבען,

פון זיין טהייערען פאָטער זאָל אונז בײ־דען בײשטעהן אין היינטיגען יום הדין, ער זאָל זיך אָן דיר גאָט, דערמאָנען און זאָל זיין זינדיג הערץ ברעכען דיך צו דינ־נען וויא עס האָבען דיך זיינע עלטערן פון אייביז אָן געדיענט !"

זיא האָט ווייטער געדראוועט, וויי־טער געוויינט, נאָר וואָס זיא האָט גערעד־וועט האָט זיא זעלבסט ניט געהערט. זיא האָט איהר פרומען פאָטער איצט דער־מאָנט, אויך איהר געטרייע פרומע מוטער האָט זיא איצט וויא פאר איהרע אויגען געזעהן, זיא האָט איהר פרומען מאַן דער־מאָנט, און האָט זיך פלוצלונג דערמאָנט אז זיא האָט צוליעב איהר צער פון איהר אויסגעשטודירטען זוהן פערגעסען היינט זיי „מזכיר נשמות" צו זיין, זיא איז פער־ציטערט געוואָרען. איהר האָט געדאַכט

זיא זעהט דיא געשטאָרבענע מוטער, און

„אַ, זייט מיר מוחל, מאַמוניו!" האָט איהר הערץ געשריען, איך האָב איבער מיין זינדיג קינד, דיין הייליגע אויסגעלייטער־טע נשמה פערגעסען צו דערמאָנען היינט, אָה, מיין צער זעה צו און זיי א גוטע בע־טערין פאר מיר, אך, ניט קיין גוטס אין און קיין גליקען ווייל איך שוין אין מיין לעבען האָבען, נאָר פאר מיין קינד בעט, גאָט זאָל איהם זיינע אויגען עפענען, ער זאָל זעהן וויא פערפיהרט ער איז, און שטאַרקען זיין הערץ תשובה צו טהאָן און א יוד צו זיין, א יוד מיט א פרום יודיש הערץ, כאָטש ער איז א געשטודירטער דאָקטאָר !"

זיא האָט געוויינט ביז מען האָט דעם מוסף אין גאַנצען געענדיגט. דאָס אויסוויינען זיך האָט איהר הערץ א בי־סעל גרינגער געמאַכט. און זיא האָט אָנגע־הויבען איהר קינד פאר זיך אליין פער־ענטפערען.

„ער איז נאָך יונג, ער האָט נאָך א סך יאָהרען צו לעבען, ער קען נאָך פיעל גוטס טהאָן, אלע טאָג קען ביי דעם זינ־דיגען מענשען יום כפור זיין, אז ער וויל נאָר תשובה טהאָן, אָ, איך וועל איהם בע־טען, פיינט האָט ער מיך ניט, צוליעב מיר זאָל ער א יוד זיין, איך בין איהם מחויב צו בעטען, אפשר וועלען מיינע טרעהרען זיין הארט הערץ ווייך מאַכען. און וואָס דען וויל איך פון איהם ?!..

איך פערלאַנג נאָר ער זאָל פרום זיין וויא זיין פאָטער, וויא איך, זיין מוטער, ער קען עס אפשר ניט, זיין געלערנטקייט לאָזט עס איהם ניט, אָבער א יוד אין הער־צען זיין כאָטש. א יוד וואָס גלויבט אין איינציגען גאָט, און שעמט זיך ניט מיט דעם נאָמען איד ! יום כפור, איין טאָג אין יאָהר, מעג ער אויך פרום זיין, א גאַנצער יוד מיט אלע יודען צו גלייך אין שוהל דאווענען, פאר וואָס ניט ? וואָס קען דאָס איהם דען שאַדען ?

פאר מנחה האָט דער עולם א ביסעל אָבגערוהט, פיעלע זיינען אהיים געגאַנגען א קוק טהאָן אויף דאָס הויז און קינדער,

און פיעלע האבען זיך אויף דיא טרעפלאך צוזעצט, נאר חנה'לע איז געבליעבען זי־צען אויף איהר ארט. אויך יענע פרוי וואס האט ביטער געוויינט אויף איהר טאכטער, וואס איז פערפיהרט געווארען איז אין שוהל געבליעבען.

חנה'לע האט איהר כליפען דערהערט, זיא האט געוואוסט וואס דיא בעטריבטע מוטער וויינט.

„זיא מעג וויינען, האט זיא גע־קלעהרט, נאר ניט גליקליכער פאר איהר בין איך אויך, זיא וויים ניט וואו איהר פערפאלענע טאכטער איז איצט, און מען קען זיכער זאגען, א גראד אין דער מינוט וויינט זיא דארט וואו זיא איז אויב זיא וויים נאר אז היינט איז יום כפור ביי יודען, און גאט נעהמט צו איהר צובראכען הערץ פון ווענען נאר איהר געבעט קומט צו איהם. דיא יודישע טעכטער, קען ניט לאנג פערפיהרט זיין. וואס מעהר שכל און וואס מעהר געלערנטקייט זיא האט, דאס גיכער כאפט זיא זיך אויף פון דעם בע־כשוף'טען שלאף וואס מען האט אויף איהר אנגעווארפען. איהר הערץ ערוואכט זיך, זיא הויבט אן צו בייגקען נאך איהר געבארענעם היים. און זיא קעהרט זיך צו־ריק צו גאט און צו זיין געבאט. און מיר זינדיגע מענשען דארפען נאר רחמנות האבען אויף אזעלכע אונגליקליכע נעביך. ניט אזוי אבער איז דער מאנסביל, זעל־טען קומט ביי איהם דיא חרטה צו דער רעכטער צייט, און וואס מעהר שכל ער האט, וואס מעהר געבילדעט ער איז, דאס מעהר פערקריכט ער אלץ טיעפער אין ווייטער אין דער טומאה, ניט צוגעקומען זאל עס ווערען:

...און נאך וויינינגער דערמאנט ער די לייד און פיין וואס ער מאכט דערמיט זיינע טרייע עלטערן, וואס ווילען גערן דאס לעבען אוועקגעבען, ער זאל נאר צו־ריק זייער פרומער זוהן ווערען, און אז דיא מוטער וויינט איצט אזוי פיעל, וואס זיא וויים ניט צו איהר טאכטער פאסט היינט אדער ניט, וויפיעל דארף איך שוין ווי־נען אז איך זעה מיין צרה פאר מיינע אויגען, און וויים געוויס אז ער פאסט ניט און לאכט זיך אפשר גאר אין גאנצען אוים פון יום כפור ?... שעמען דארף איך מיך פאר איהר. און איך זוך נאך א זכות אויף איהם ?..."

זיא האט איהר קאפ אויפגעהויבען אין איהרע אויגען האבען דיא פערוויינטע אויגען בעגעגענט פון דער בעטריבטער פרוי. א פאר מינוט האבען זיי זיך אנגע־קוקט, זייערע אויגען האבען איינע דיא אנדערע גוט פערשטאנען, חנה'לען איז דאס הערץ צוגאנגען אויף דאס גרעמען זיך פון דער עלענדער, זיא האט זי טרייסטען געוואלט, נאר איהר אייגען הערץ האט איצט אליין טרייסט געזוכט, און איהרע ליפען זיינען פון קלעמונג וויא פערפרארען געווארען פון דעם פראסט וואס האט איצט אין איהר געהערשט.

— קינדער בעט יעדע אישה!... האט

דיא פרוי חליפענדיג אויסגערעדט, איז
ניט גלייכער שטיינער האָבען ? וואָלט ניט
בעסער געוועזען אז איך וואָלט אין יענער
מינוט געשטאָרבען וואָס איך האָב מיין
קינד געהאט ? אָ, צו וואָס האָבען מיינע
עלטערן דיא וועלט איינגעריסען, צדקה
געטהיילט, דאָקטוירים געבראַכט, מיך לע־
בען צו לאָזען, בעת איך בין פון יענעם
אונגליקליכען קינדבעט א חרוב'ע געבליבע
וואָלט ניט בעסער געוועזען אז מען וואָלט
מיך שטאַרבן געלאָזט און איך וואָלט דיא
בזיונות ניט דערלעבט ? צו־וואָס האָב
איך מיט טרעהרען אזוי אָפט און אזוי
היים געבעטען, א רפואה פאַר מיין קינד
בעת עס איז קראַנק געוועזן, און האָב זיא
אויסגעהאָדעוועט צו אזא ביטערען פינ־
סטערען סוף ?

ווייס דער זינדיגער מענש וואָס ער
טהוט ? ווייס ער וואָס ער בעט ? האָבען
מיינע עלטערען מיר דען א טובה גע־
טהאָן ? האָב איך איהר דערמיט גוטס גע־
טהאָן ? וואָלט ניט בעסער פאַר אונז ביי־
דען געווען אז מיר וואָלטען היינט שוין
לאַנג אין קבר געוועזען. דאָרט צוזאַמען
מיט די אויסגעלייטערטע נשמות פון אונ־
זערע אבות ? איצט ווען זיא אין כף הקלע
זיין און צוליעב איהר וועל איך אויך צו קיין
הייליגער רוה ניט קענען קומען, וואַרום
וועה און ווינד איז צו דער מוטער וואָס
האָט אזא קינד אויף דער וועלט געבראַכט!
און קינדער בעט ביי גאָט יעדער אישה?
אָך, וויא פערשטערט ווערט דער נחת, אז
מען קען עס ניט אויסהאָדעווען אין דיא
רעכטע וועגען צו פיהרען וויא גאָט האָט
געבאָטען !"

חנה'לע האָט נאָר מיט א טיעפען זיפץ
און מיט א פאָר טרעהרען געקענט ענט־
פערען און איז שטיל און נידערגעשלאָגען
געבליעבען זיצען, אלטע, לאַנג פערגעסענע
געשיכטען האָבען זיך איהר איצט דער־
מאָנט. זיא האָט זיך דערמאָנט וויא מיט
דרייסיג יאהר צוריק האָט פונקט אין דער
שטונדע, האָט זיא איהר ערשט געבאָרען
ערשט קינד ביי איהר ברוסט געהאַלטען,
וויא שוואַך איז זיא דאַמאָלסט געוועזען.
וויא שטאַרק האָט זיא דער צער געפייניגט
אז דאָס קינד האָט זיך צוריסען שרייענ־
דיג, אז עס האָט ניט גיפונען צו זייגען,
און איהר פרומע מוטער גיטעלע, עליה
השלום, איז מיט רויט אָנגעוויינטע אויגען
געקומען און האָט גוזר געווען אויף איהר
אָנצובייסען, צוליעב דעם קינד, און וויא
שווער און שרעקליך איז איהר געווען יום
כפור ניט צו פאַסטען, וויא האָט דאָס
ביסען איהר האַלז געוואָרגען, זיא וואָלט
דאַמאָלס א הייסען שטיין גרינגער אראָפּ־
געשלונגען איידער א ביסען ברויט און
נעהמען אזא שווערע זינד אויף זיך ניט צו
פאַסטען וויא אלע יודישע טעכטער אין
דעם הייליגען טאָג, נאָר צוליעב איהר
טהייער קינד האָט זיא עס געטהאָן, „דאָס
קינד איז ניט מחויב נאָך צו פאַסטען
כאָטש עס איז א יודיש קינד" האָט דיא
מוטער דאַמאָלסט געזאָגט.

„ווער ווייסט?" האט זיא געקלעהרט אויב איך האב שוין אין יענער מינוט איהם ניט איינגעזויגען דיא טומאה אין וועלכער ער איז היינט פערפיהרט ? פאר וואס בין איך ניט מיט יענעם ביטערען ביסען ניט דערווארגען געווארען בעסיר, איידער איינצוזייגען מיין קינד אזא בייזע זינד וויא יום כפור ניט צו פאסטען, וויא יום כפור ניט ועלען אפילו אין א מקום קדוש אריינקומען ! וואס פאר א טובה האב איך זיך דערמיט געטהאן ? איז מיר איצט ניט גלייכער צעהן תענתים צו פאסטען נאר מיין קינד זאל כאטש איין טאג אין יאהר, איין יום כפור פאסטען וויא א יוד ? א צירונג, א שהענע האב איך מיר אויסגעהאדעוועט. אפילו קדיש וועט ער דאך נאך מיר ניט זאגען. אפילו זיין געשטארבענעם טאטען מזכיר נשמות זיין איז ער ניט געקומען, ענטפער מיר, רבונו של עולם, פאר וואס קומט עם מיר?"

אין דער מינוט האט זיא דערהערט א קלאפ אויף דעם בימה סדור, זיא האט א קוק געטהאן : אויף דער בימה איז ארויף דער יונגער מאן וואס האט זיך פריהער געאמפערט מיט דעם רב, אין האט אנגע־הויבען זאגען א שעהנע דרשה וועגען יום כפור, וועגען דעם תענית און האט אויס־געפיהרט אז א איד, וואס ער איז א בעל צדקה און ער טהוט אין דעם טאג קיין תשובה ניט וויא עס דארף צו זיין, איז נאך זיין שלעכטס ניט אזוי גרוים, זיינע גוטע מעשים ריידען פאר איהם, דיא צדקה האלט איהם אב ער זאל אין שלעכטס, אין זינדיגע תאוות ניט אריינפאלען אבער אז א גאנץ יאהר טהוט ער קיין צדקה ניט און אז עס קומט יום כפור און זיין הערץ קעהרט זיך ניט צו גאט און נעהמט זיך פאר צו בעסערען זיינע מעשים איז ער רשע א פושע ישראל, און אויף אזעלכע יודען זאגט דיא גמרא, רשעים אפילו בפתחי של גיהנם אינם חוזרין, און דאס מיינט דיא גמרא, אזוי וויא עס זיינען דעם מענשען געגעבען געווארען, יום כפור תשובה צו טהאן און אז ער טהוט יום כפור קיין תשובה ניט קען ער נאך אין דעם טאג פון זיין שטארבען תשובה טהאן, און טא־קי דעריבער טהוט ער קיין תשובה ניט אום יום כפור, ווייל ער זאגט זיך, ער האט נאך צייט, ער קען נאך ודוי זאגען פאר זיין טויט, איז דאס א גרויסער טעות רבותי, אפילו פאר דער טיהר פון גיהנם טהוען זיי תשובה ניט, זייערע עברות פערשטעלע; דיא שערי תשובה און פאלען אין גיהנם אריין אהן תשובה און דארט בלייבען זיי. דער גיהנם וועט פאללענדט ווערען און זייער פייער וועט ניט אויסגעלאשען ווערן אבער א יוד, כאטש ער טהוט א גאנץ יאהר שלעכטס נאר קוים קומט יום כפור קומט ער אין שוהל און דאווענט און האט א הרהור תשובה נור, ווערט ער אנ־גערופען פושע ישראל, און דאס פייער פון גיהנם איז אן איהם ניט שולט, אויף אזא יודען זאגען מיר ונסלח לכל עדת ישראל, אפילו אויף דעם פושע ישראל,

ווארום ער טהיילט זיך נאך ניט־אב פון דער יודישער עדה און מיר זיינען מלמד זכות אויף איהם און זאגען : כי לכל העם בשגגה, אלע יודען זינדיגען נאר בשגגו אונגערן ניט להכעיס, דער יוד אבער וואס קומט אפילו יום כפור אויך ניט אין שוהל אריין איז פון דער יודי־שער עדה אויסגעשלאסען און ניט פאר איהם בעטען מיר מחילה וסליחה !"

ער האט נאך גמרא'ס אנגעפלאכטען און אנגעטשעפעט, אבער חנה'לע האט שוין ניט געהערט. דיא גאנצע דרשה וואס זיא האט ביז איצט געהערט האט זיא געמיינט דאס איז נאר געמיינט אויף איהר זוהן, דען וויא געפינט זיך דען נאך איינער א יוד אין גאנצער וועלט, וואס קען קומען יום כפור אין שוהל און קומט ניט ? איהר איז אין דיא אויגען פינסטער געווארען, זיא האט ווערטער שרעקליכע געהרט, זיא האט אבער אין יעדעס ווארט נאר א קללה געהערט אויף איהר זוהן, אלץ וואס דער דרשן זאגט, אלץ וואס דיא ווייבער האבען צווישען זיך גערעדט, האט זיא געמיינט אז נאר קללות שיטען זיך אויף איהר קינד'ס קאפ. כאטש ניט דער דרשן און ניט דיא ווי־בער האבען איהם אין זינען געהאט. זעלבסט דיא ווערטער פון נעילה האבען איהר לויטער קללות אויסגעוויזען, און אז מען האט שוין מעריב אבגעדאווענט און אלע זיינען שוין פון שוהל ארויסגעגאנ־גען איז זיא נאך אליין געבליעבען און ניט געוואוסט וואס מיט איהר איז גע־שעהן. א קאלטער שוויים איז אויף איהר שטערען ארויס, איהרע אויגען האבען נאך צייטענווייס געקוקט דורך דאס פענסטע־רעל, אבער זיא האט שוין אליין ניט גע־וואוסט וואס דיעזע אויגען זוכען נאך.

אז דער שמש פון שוהל איז ארויפ־געקומען דיא ליכט אויסלעשען האט ער זיא דא געפונען.

— איהר זייט קראנק חנה'לע, האט ער אויסגערעדט, דערלעבט איבער א יאהר ! גאט ברוך הוא מעג זיך פרייען מיט יודען, מען היט אב זיין געבעט מיט מסירת נפש ממש. ער זאל אייער צער צו זעהן און אייך שטארקען איהר זאלט נאך קענען א סך יום כפור'ס פאסטען !

— איך דאנק אייך, רבי זיסעל, האט זיא געענטפערט, גאט זאל טאקע מיין צער צוזעהן, דעם צער וואס ער אליין וויים !...

זיא האט זיך ערמונטערט א ביסעל און איז אהיים געגאנגען, אין וועג האט זיא איהר קעבען בעגעגענט, וועלכע איז געלאפען זיא זוכען, וייל מען ווארט אויף איהר מיט דער הבדלה און אין שטוב קען קיינער ניט אנבייסען.

זיא איז אהיים געקומען. הבדלה גע־הערט און זיך באלד אין בעט אוועקגע־לייגט.

אויף מארגען האט זיא נאך געוואלט אויפשטעהן גאנץ פריה „צו גאטט'ס נא־מען". אבער זיא האט שוין ניט געקענט. איהר זוהן דער אויסגעשטודירטער

דאקטאר איז געקומען און האט א רע־צעפט פערשריעבען. נאר זיא האט דעם רעצעפט ניט גענומען. אויף אללע זיינע פראגען האט זיא ניט געענטפערט, ער האט פון איהר בעט ניט אבגעטרעטען.

אז זיא האט זיך איינמאל פון שלאף אויפגעכאפט און איהר איינציג קינד גע־בען זיך מיט טרעהרען אין זיינע אויגען דערזעהען, האט זיך אויפגעכאפט אין איהר הארצען איהר גאנצער פלאם מוט־טערליכע ליעבע צו איהם.

— אך מיין קינד. מיין ליעב און טהייער קינד! האט זיא מיט א שווערען זיפץ אויסגערעדט. דוא קענסט דיר גאר ניט פארשטעלען וויפיעל ליעבשאפט דא אין מיין קראנקען הערצען איז נאך דא פאר דיר! ליעבשאפט זינדיגע, וואס וועט מיר נאר א בזיון מאכען דארט וואר־הין איך געה באלד. וויא זינדיג בין איך. זיי מיר מוחל. גאטט גערעכטער, וואס אך ליעב נאך מיין קינד, חאטש דאס קינד האט זיינע עלטערען זיין פאטער פערלייר־קענט!....

— מוטער טהייערע־ האט ער זעהר געריהרט אויסגעשריהען. ווען האב איך מיין פאטער פערלייקענט? א, איך עהרע זיין אנדיינקען און ליעב דיך מיין קלוגע געטרייע מוטער וויא מיין לעבען!

— יענעם פאטער, וואס לעבט אוי־בינ האסטו פערלייקענט! האט זיא מיט טרעהרען אויסגערעדט, דוא ביזט מעהר זיין קינד ניט. ער האט דיך פון יודישע טאטע און מאמע בעשאפען און דוא ווילסט קיין יוד ניט זיין. איז דאס ניט אין פאטער געלייקענט

— אבער, איך בין א יוד־ א יוד ביז איך מוטער. וואס גלויבסטו וואס שלעכ־טע מענשען ריידען אויף מיר?

— אבער זאל איך מיינע אייגענע אויגען ניט גלויבען? האט זיא געפרעגט. האב איך מיינע אויגען ניט אויסגעקוקט זוכענדיג דיך יום כפור א גאנצען טאג אין שוהל? א, מיין קינד, אזא יום כפור, וויל איך שוין ניט דער־לעבען, און וואס פאר א יוד ביזטו אז זעלבסט יום כפור האסטו זיך ניט דערמאנט אין שוהל אריינצוקומען? ניין, נאך אזא יום כפור זאל מיך גאטט אבהיטען צו דערלעבען!...

ער האט געשוויגען, נאר זיינע טרעה־רען זיינען אויף דער קראנקער מוטער גע־פאלען.

— מיין ליעב קינד, האט זיא ווייטער געזאגט. מיין צער, מיין פיין וואס איך האב פון דיר, פון דיין געבארען טאג גע־האט האב איך דיר שוין לאנג מוחל גע־ווען, דעם צער וואס איך האב יום כפור פון דיר געהאט בין איך דיר איצט מוחל און גאט זאל דיר אויך מוחל זיין.

דאס איז דאס איינציגע וואס איך בעט נאך פון איהם. איין בקשה בעט איך פון

דיר, דאס איז דיא לעצטע בקשה, מיין קינד! זיי זיך דוא וויא דוא ווילסט, טהו וויא דוא פערשטעהסט, איך בין דיר מוחל ריין קדיש וואס דוא ביזט מחויב נאך מיין טויט צו זאגען. מוחל במחילה גמורה, נאר איין טאג אין יאהר, יום כפור, דעם הייליגען און שרעקליכען טאג זאלסטו א יוד זיין גלייך מיט אללע יודען. און מיט אללע יודען דעם טאג זאלסטו אין שוהל אין דאוונען און פאסטען פערברייני־גען, דאן וועל איך אין קבר רוהיג ליעגען און אז צו הזכרת נשמות, אז דוא וועסט פאר מיין נשמה בעטען, וועל איך דארט אויבען פאר דיר בעטען אלץ וואס פאר דיר זאל אמת גוט זיין. זאג עס מיר צו. דאס איינציגע קומט מיר פון דיר, אז דו ביזט א קינד געוועזען, מיין ברוסט גע־זויגען. האב איך צוליעב דיר, דוא זאלסט זאט זיין אנגעביסען און איך שוועך דיר, מיר איז דאמאלס דאס עסען ערגער גע־וועזען וויא דיר וועט דיין פאסטען זיין! מיין חוב בעצאהל מיר מדה כנגד מדה!...

אין עטליכע טעג ארום איז דיא גו־טע חנה'לע געשטארבען. נאר פון דעם יום כפור אן זעהט מען א אידישען דאקטאר אין עפאלעטען, מיט א קוקארדע אויפ'ן היטעל דאוונענדיג יום כפור א גאנצען טאג אין שוהל גלייך מיט אללע אידען!

יעקב דינעזאן.



# אידישע ליטעראטור.

אונטער דיזען נאמען זיינען ביי אונז יעצט ערשיענען די פאלגענדע אויסגעוועהלטע ווערקע פון די בעסטע אידישע ליטעראטען און פּאָעטען.

| | |
|---|---|
| אברהם אבינו'ס לעבענס־בעשרייבונג, א. ראזענבערג, | 3 |
| אויפגעקומענער גביר, שלום=עליכם, | 3 |
| אז מען זאָגט משוגע, גלויב, י. ל. פרץ, | 3 |
| אידען אין פרס ומדי, א. טאנענבוים, | 3 |
| איזאבעלא'ס נשמה, ל. ראבינאוויץ | 5 |
| אייזיק'ל שוחט, י. ל. פרץ, | 3 |
| אינדיען (דאָס לאנד), י. דינעזאהן, | 5 |
| אין שטראָם פון רעוואלוציאן, מ. דאנציס, | 5 |
| דער אלטער און דער נייער דור (דור הולך ודור בא), א. גאָלדפאדען, | 15 |
| ארץ־ישראל פושקע, מ. ספעקטאָר, | 3 |
| בארדיטשעווער טהעאטער, שלום=עליכם, | 5 |
| בארדיטשעווער טראמוואי און האָטעלען, שלום=עליכם, | 5 |
| באשערט אנ'אונגליק, שלום=עליכם, | 3 |
| בבל (דאָס לאנד), י. דינעזאהן, | 5 |
| ביי'ם דאָקטאָר, שלום=עליכם, | 3 |
| בלינדער בעטלער, א. באראף, | 3 |
| בן יחיד, ב. גארין, | 3 |
| בשעת מגפה, י. ל. פרץ, | 3 |
| גאלדעלע, מ. ספעקטאָר, | 3 |
| גיטעלע'ס יום־כפור, י. דינעזאָהן, | 3 |
| גימענאזיע, שלום=עליכם, | 3 |
| געלד און לעבען, ד. ערעלשטאט, | 3 |
| דור הפלגה, א. גאָלדפאדען, | 5 |
| היינריך היינע, ג. מ. באבאר, | 3 |
| הכנסת כלה, י. ל. פרץ, | 3 |
| א וויגרישנער בילעט, שלום=עליכם, | 3 |
| ווילדע מענשען אין אויסטראליען, א. קאָטיק, | 3 |
| וועגס=לייט, בילדער פון מ. ספעקטאָר, | 5 |
| ווערא, ד: עדעלשטאט, | 3 |
| זעלדע געהט אין טהעאטער, ב. גאָרין, | 3 |
| חינא (דאָס לאנד), י. דינעזאָהן, | 5 |
| דער חלום, י. ל. פרץ, | 3 |
| חסידישע מעשה'לעך, י. ל. פרץ, | 10 |
| דאָס טעפעל, שלום=עליכם, | 3 |
| יאנקעל פעססימיסט, י. ל. פרץ, | 3 |
| ירחמיאל'קע, | 3 |
| א כעס פון א יודענע, י. ל. פרץ, | 3 |
| ל"ג בעומר, שלום=עליכם, | 3 |
| ליטערארישע בריעף, ג. זעליקאָוויץ, | 5 |
| דער לץ, י. ל. פרץ, | 10 |
| מאן און ווייב, מ. ספעקטאָר, | 3 |
| דער מאחלער, ד. עדעלשטאט, | 3 |
| מענדעל ברוינעס, י. ל. פרץ, | 3 |
| מעשה'לעך און חלומות, י. ל. פרץ, | 3 |
| מעשה'לעך פון דול=הויז, י. ל. פרץ, | 15 |
| משופע, י. ל. פרץ, | 3 |
| משוגענער בטלן, י. ל. פרץ, | 3 |
| משוגענער פילאָזאָף, א. גאָלדפאדען, | 15 |
| די מוסרים, ב. גארין, | 3 |
| דער משולח, י. ל. פרץ, | 3 |
| ניט קיין גלייכע פּאָר, בן אביגדור, | 3 |
| נייער ראבינער, ש. פרוג, | 3 |
| נעבאך, ב. גארין, | 3 |
| נעילה, י. ל פרץ, | 3 |
| די נשמה, י. ל. פרץ, | 3 |
| עגיפטען (דאָס לאנד), י. דינעזאָהן, | 15 |
| ערקעלטונג און קאטאר, א. טאנענבוים, | 3 |
| אנ'עצה, שלום=עליכם, | 3 |
| פּאָעזיע, י. ל. פרץ, | 5 |
| דאָס פינטעלע יוד, א. גאָלדפאדען, | 5 |
| א פעקעל בריעף, י. ל. פרץ, | 5 |
| פערעלע, שלום=עליכם, | 3 |
| פרעה'ס יורשים, י. ל. פרץ, | 3 |
| פונ'ם פריזיוו, שלום=עליכם, | 3 |
| פישעל דער מלמד, שלום=עליכם, | 5 |
| א פערשטערטער שבת, י. ל. פרץ, | 3 |
| דער פעטער שכנא מיט דער מוהמע יאחנע, י. ל. פרץ, | 3 |
| דער פעטער פיני מיט דער מוהמע רייזע, שלום עליכם, | 3 |
| פריינקעל'ס שריפטען, | 5 |
| צו וואָס טויג טהעאטער, ב. פייגענבוים, | 3 |
| צוויי קברים, ש. ראבינאָוויץ, | 3 |
| צוויי פעסלאך ווין, מ. ספעקטאָר, | 3 |
| דער קאר קאָנדוקטאָר, ד. עדעלשטאט, | 3 |
| קליינע מעשה'לעך, י. ל. פרץ, | 3 |
| די רומענישע אידען אין אמעריקא, ד. מ. הערמאלין, | 3 |
| רייזע בילדער, י. ל. פרץ, | 10 |
| דאָס שטריימעל י. ל. פרץ, | 3 |
| שלום=פיוּוישקע, מ. ספעקטאָר, | 3 |
| שמשן שלמה מיט זיינע פערד, י. דינעזאָהן, | 3 |
| שמעריל'ס שמחה, מ. ספעקטאָר, | 3 |
| שרה פעסי, מ. ספעקטאָר, | 3 |
| שרה'לע, מ. ספעקטאָר, | 3 |

צו בעקומען ביי אלע בוכהענדלער ווי אויך ביי די פערלעגער:

**היברו פאבלישינג קאמפאני,**

83-85-87 קאנאל סטריט, נו־יאָרק.